# צווישן לעבן און טויט

פּראָזע־שאַפונגען פון:

ישראל וויניק
א. ווילטש (יחזקאל ווילטשינסקי)
יוסף קירמאַן
לייב גאָלדין
י. בער (י. בערנשטיין)
ה. גרויל (ז. סקאלאָוו)
ש. שיינקינדער
יהושע פּערלע
און פון
אַנאָנימע מחברים



פאַרלאַג „יידיש בוך" — וואַרשע, 1955

# MIĘDZY ŻYCIEM A ŚMIERCIĄ

Zbiór nowel autorów poległych w gettach i obozach

Zebrał, zestawił oraz przedmową zaopatrzył B. MARK

געזאַמלט, צונויפגעשטעלט און פאַרזען מיט אַ פאָרוואָרט פון ב. מאַרק

Redaktor: L. OLICKI

רעדאַקטאָר: ל. אָליצקי

Okładkę projektował: I. REJZMAN

הילע געצייכנט: י. רייזמאַן

*Printed in Poland*

Wydawnictwo „Idisz Buch" Warszawa Nowogrodzka 5

Nr zam. 4203. Nakład 6,500 egz. Druk ukończono w czerwcu 1955 r. Ark. druk. 9,5. Ark. wydawn. 8. Papier druk. mat. V kl. 61 x 86 cm, 70 g.
Druk. RSW „Prasa", Warszawa, Tarczyńska 8. B-6-51004

# פאָרוואָרט

## פון ב. מאַרק

די אַפּטסטע פאָרם פון דער ליטעראַרישער פּראָזע פון וואַרשעווער געטאָ איז געווען די קורצע נאָוועלע, דער דינאַמישער בקיצורדיקער סקיץ, די לויפנדיקע פאַרצייכענונג. אין דעם אונטערערדישן געטאָ-אַרכיוו (רינגעלבלום-אַרכיוו) האָבן מיר געפונען בסך-הכל איין ראָמאַן — ז. סקאָלאָווס „האַק און קרייץ" (האַקנקרייץ). לויט געוויסע ידיעות האָט אַ גרעסערן ראָמאַן געשריבן אויך י. פּערלע, אָבער עס איז נישטאָ פון דעם קיין שפור. דאָס, וואָס איז געבליבן, איז אין ווייט גרעסטן טייל — נאָוועלע, סקיץ, רעפּאָרטאַזש, עסיי, אַלץ קורצע פאָרמען פון דער פּראָזע. און דאָס איז פאַרשטענדלעך. אַנדערש האָט עס אין די אומרואיקע, צווישן לעבן און טויט צאַפּלדיקע געטאָ-באַדינגונגען נישט געקאָנט זיין. דאָס „לעבן" איז געווען משונהדיק, שטענדיק-ווילד און קאַראַהאָדאַרטיק, די טראַגישע געשעענישן זענען שנעל געלאָפן פאַרביי, און קיין מינימאַלע באַדינגונגען אויף אויסצופּלאַנירן און אָנשרייבן אַ גרעסערע זאַך האָבן די פון דער וועלט איזאָלירטע און הונגער-לייַדנדיקע ייִדישע שרייבער נישט געהאַט.

אין דעם דאָ פאַרגעלייגטן באַנד פון דער געטאָ-ליטעראַטור ברענגען מיר אַ ריי אָפּגעקליבענע, כאַראַקטעריסטישע שאַפונגען פון קורצער פּראָזע. מיר נעמען אין דעם באַנד אַריין נאָוועלן, סקיצן, רעפּאָרטאַזשן, עסייען און אפילו אַ כראָניק („חורבן וואַרשע"), וועלכע פאַרמאָגן אַלע אייגנשאַפטן נישט בלויז פון פּינקטלעכער טרייער שילדערונג פון די גרויליקע געשעענישן, נאָר אויך עלעמענטן פון קינסטלערישן געמיט און פּסיכאָלאָגישער פאַרטיפונג.

ווער זענען די מחברים פון אָט די קורצע פּראָזע-שאַפונגען? עטלעכע פון די אויטאָרן זענען פעסטגעשטעלט געוואָרן מיט דער פולסטער זיכערקייט. וועגן די נעמען פון אַנדערע אויטאָרן זענען מיר זיך משער אויפן

סמך פון אן אנאליז פונעם סטיל און דערקלערונגען פון עדי־ראיה. און צו דער דריטער קאטעגאריע געהערן די מחברים, וואס נישט מיר ווייסן זייערע נעמען, נישט מיר קאנען וועגן זיי עפעס זאגן. דאס זענען א נ א נ י מ ע אויטארן, וועלכע זענען פארשניטן געווארן דורכן היטלעריסטישן פעלקערמערדער און געבליבן נאמענלאזע קדושים. פון וואנען האבן זיך רעקרוטירט די אנאנימע מחברים, וואס זייערע שאפונגען זענען צעשפרייט איבער דער אונטערערדישער געטא־פרעסע און אין פארשיידענע טעקעס פונעם רינגעלבלום־ארכיוו? אויך דאס קאנען מיר נישט וויסן. עס קאן זיין, אז געוויסע פון זיי זענען באקאנטע יידישע שרייבער; עס קאן זיין, אז דאס זענען באגאבטע אנפאנגער. אפשר וועלן מיט דער צייט אפגעפונען ווערן געוויסע שפורן, אדאנק וועלכע מען וועט זיין אימשטאנד צו דעשיפרירן די נעמען, פונקט ווי עס איז אונדז געלונגען מיט א צייט צוריק צו דעשיפרירן דעם נאמען פון דעם מחבר פון „חורבן ווארשע" (י. פערלע), אדער די נעמען פון די פארפאסער פון טאגביכער (שמואל ווינטער, אברהם ליעווין).

עס זענען אויך פאראן אזעלכע פאלן, ווען אויף א טעקסט איז אונטערגעשריבן א פסעוודאנים. אזוי איז, למשל, דער קינסטלערישער רעפארטאזש א. נ. „אין ארבעטס־לאגער" אונטערגעשריבן: א. ווילטש, און די אינטערעסאנטסטע גאסן־בילדער א. נ. „אויף די גאסן" זענען געחתמעט: „שין". אין ערשטן פאל האבן מיר צו טאן מיט א פסעוודאנים, ווארשיינלעך פון דעם ליטעראטור־היסטאריקער און געשיכטלער אינזשעניער יחזקאל ווילטשינסקי, וועלכער האט זיך געפונען אין ווארשעווער געטא און חוץ ארבעטן אויף היסטארישע טעמעס (וועלכע זענען פאראן אין צווייטן טייל פון רינגעלבלומס ארכיוו) געשריבן אויך רעפארטאזשן אויף דער באשטעלונג פון דער אונטערערדישער געטא־פרעסע.

וואס שייך דעם צווייטן פאל — מיטן אונטערשריפט „שין" — איז די זאך אויך א קלארע. דאס איז ווארשיינלעך דער איניציאל פון דעם יונגן זשורנאליסט און רעפארטאזשיסט ש. שיינקינדער, וועלכער איז דער מחבר פון א גאנצער ריי כראניקאלע נאטיצן און זשורנאליסטישע באשרייבונגען, וואס געפינען זיך אינעם רינגעלבלום־ארכיוו. דעריבער האבן מיר געהאלטן פאר דערלאזבאר אונטערצושרייבן דעם רעפארטאזש „אין ארבעטס־לאגער" מיטן נאמען: יחזקאל ווילטשינסקי, און די בילדער „אויף די גאסן", וואס גייען אריין אין דאזיקן באנד, מיטן נאמען: ש. שיינקינדער.

אבסאלוט פעסטגעשטעלט זענען די נעמען: יהושע פערלע (מחבר פון „חורבן ווארשע" און „4580"), לייב גאלדין (מחבר פון „כראניק פון איין

מעת-לעת״), זלמן סקאַלאָוו, וועלכער טרעט אויך דאָ אויף אונטער זיין פּסעוודאָנים ה. גרויל („אַ שפּאַציר איבער די פּונקטן״), ישׂראל וויניק (אויטאָר פון „לייב דעמבקאָווסקיס אוועקגיין״) און י. בער — דאָס איז אַ קיצור פון דעם נאָמען יצחק בערנשטיין, אַ באַקאַנטער ליטעראַטור-קריטיקער און עסייאיסט פון פאַר דער מלחמה. אינעם רינגעלבלום-אַרכיוו געפינט זיך אַ גרויסע צאָל זיינע עסייען און קריטישע אָפּהאַנדלונגען. אין דעם דאָזיקן באַנד האָבן מיר אַריינגענומען י. בערנשטיינס (י. בער) כאַראַקטעריסטישן עסיי א. נ. „הונגער אין וואַרשע״.

אין לויף פון דער אַרבעט איבער די טעקסטן, וועלכע מיר פּרעזענטירן אינעם איצטיקן באַנד, איז אונדז אויך געלונגען פעסטצושטעלן דעם פאַרשיינלעכן מחבר פון די נאָוועלן און בילדער: „דער חסד פון אַ שטילן טויט״, „כ׳רעד צו דיר אָפן, מיין קינד״, „פון פּליטים-שטעטל״ און „פרוי קראַשעוויטשעס טויט״; דאָס איז לויט אַלע שפּורן און וואַרשיינלעכקייטן דער באַוווסטער דיכטער יוסף קירמאַן, וועלכער האָט אין געטאָ געשריבן נישט בלויז לידער, נאָר אויך — און אפשר קודם-כל — פּראָזע.

פולשטענדיק אַנאָנים בלייבן אַזוי אַרום די מחברים פון די פאָלגנדיקע שאַפונגען: „זי האָט אים אָפּגענאַרט״, „קינדער אויפן ברוק״[1] און די ליטעראַרישע נאָטיץ וועגן דעם ווייסענבערג-אָונט, וועלכע פאַרמאָגט אויך נישט קיין טיטל. מיר האַלטן פאַר נייטיק איינצוגלידערן אין דעם באַנד די דאָזיקע נאָטיץ (פאַקטיש איז עס אַ קורצער ליטעראַרישער עסיי), ווייל זי דריקט אויס — אין קאָנדענסירטע, אָבער זייער באַטייטפולע און כאַראַקטעריסטישע ווערטער — די גרונט-אידעע, וואָס איז געלעגן אין סאַמע יסוד פון די ליטעראַרישע שאַפונגען אין געטאָ און וואָס האָט באַגייסטערט און צונויפגעגעבן מוט די פיזיש אויסגעפייניקטע שרייבער צו שאַפן און אויסצודריקן. ווער עס איז געווען דער מחבר פון אָט דעם עסיי, ווייסן מיר נישט. אַלנפאַלס דרינגט אַרויס פון זיין אינהאַלט, אַז דאָס איז געווען אַ גוטער ליטעראַטור-קענער, אַן אָנהענגער פון דעם גאָרקי-וועג אין דער ליטעראַטור און אַן אַנטשלאָסענער אַנטי-היטלעריסט. היות ווי דער עסיי איז אָן אַ נאָמען, האָבן מיר זיך גענומען דאָס רעכט אליין צוצופּאַסן אַ נאָמען. מיר האָבן פאַרן טיטל פונעם עסיי גענומען אַ כאַראַקטעריסטישן זאַץ פון דעם עסיי גופא: „ווי אַ באַהאַלטענער וואַסער-קוואַל פון אונטער דער ערד״... מיר מיינען, אַז דער דאָזיקער זאַץ סימבאָליזירט אין אַ געוויסער מאָס דאָס יידישע ליטע-

[1] נישט פאַרמישן מיט פּ. אָפּאָטאָשעווסקיס באַשרייבונג אונטערן זעלבן נאָמען.

ראַרישע שאַפן אין געטאָ. דאָס איז געווען אַ שאַפונג, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון אונטערערד און ווי אַ וואַסער־קוואַל באַשפּריצט דאָס פאַרחושכטע געטאָ־לעבן. און ווי אַן אמתדיקער וואַסער־קוואַל וועט די דאָזיקע ליטעראַטור נישט אונטערגיין, זי דאַרף און וועט דינען נישט בלויז ווי דערמאָנונג פון אַ לעבן, וואָס איז אַזוי אכזריותדיק און טראַגיש פאַרטיליקט געוואָרן, נאָר אויך ווי אַ וואָרענונג אויף דער צוקונפט — קעגן רציחותדיקע רעצידיוון פון מלחמה און פעלקערמאָרד.

* * *

די שאַפונגען, וואָס ווערן פאַרעפנטלעכט אין דעם איצטיקן באַנד, זענען אַנטשטאַנען אין וואַרשעווער געטאָ אין משך פון אַ ברייטן צייט־אָפּשניט — פון סוף יאָר 1940 ביז סוף 1942. אין גרעסטן טייל זענען דאָס אויף־דער־היים אויפגעכאַפּטע און איילִיק־אָנגעשריבענע טאָג־אָבסערוואַציעס, און זיי באַשרייבן טאָקע דעם דאָזיקן צוויי־יאָריקן פעריאָד. דאָס איז בכלל אַן אויסגעשפּראָכן רעאַליסטיש קעגנוואַרט־שאַפן. דער רוב שאַפונגען איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1941. פערלעס ווערק זענען אָנגעשריבן געוואָרן אין דער צווייטער העלפט פון יאָר 1942, און קורמאַנס פיר בילדער פון „כ'רעד צו דיר אָפן, מיין קינד" זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער אונטערערדישער פרעסע אין פעברואַר—מערץ 1942.

די הויפּט־טעמע פון די אַלע שאַפונגען איז: הונגער. דער דאָזיקער מאָטיוו טרעט אַרויס נישט בלויז אין לייב גאָלדינס גרויסער נאָוועלע (פון אויגוסט 1941), וועלכע איז אייגנטלעך אַ ליטעראַריש־אויפגעפאַסטע שטודיע פון הונגער, און נישט בלויז אין דעם אויפטרייסלענדיקן עסיי פון יצחק בערנשטיין (פון זומער 1941), נאָר אויך — פראַגמענטאַל אָדער עפּיזאָדיש — אין כמעט אַלע אַנדערע נאָוועלן, סקיצן און פאַרצייכענונגען, סיי ביי די פעסטגעשטעלטע, סיי ביי די אַנאָנימע מחברים. זייער אָפט פלעכט זיך דער הונגער־מאָטיוו צונויף מיט דער קינדער־טעמע: אין קורמאַנס נאָוועלן און סקיצן (פון 1941 און 1942) און אין די „קינדער אויפן ברוק" פון אַן אַנאָנימען מחבר (פון דעצעמבער 1941). דער הונגער־מאָטיוו פלעכט זיך צונויף אויך מיט דער טעמע פון די צוואַנג־אַרבעט־לאַגערן אין א. ווילטשס „אין אַרבעטס־לאַגער" (פון 1941) און אין די רעמינעסצענצן פון סקאַלאַוס העלדן אין זיינע בילדער „אַ שפּאַציר איבער די פונקטן" (נאָוועמבער 1941). דער הונגער־מאָטיוו איז אויך אָרגאַניש פאַרבונדן מיט דער טראַגעדיע פון אַרבעטלאָזיקייט און עלנט — אין דער נאָוועלע „זי האָט אים אָפּגענאַרט" פון אַ אַנאָנימען מחבר (פון מערץ 1941). אַרום די

אַלע מאָטיוון — הונגער, אויפֿשוידערנדיקע טראַגעדיעס פֿון צאַנקענדיקע קינדער, שטומע טראַגעדיעס פֿון פֿאַראייניזאַמטע מאַמעס (ישראל וויניקס „ליבע דעמבקאָווסקיס אָוועקגיין"), גסיסה־שטימונג, וועלכע פֿלאַטערט איבער די פּונקטן פֿאַר היימלאָזע, פֿאַרצווייפֿלטע באַגערן און בענקשאַפֿטן הינטער די געטאָ־דראָטן — אַרום די אַלע מאָטיוון וויקלען די מחברים פֿאַנאַנדער אַ שילדערונג פֿון געטאָ, אַ ברייטע טרויעריקע פּאַנאָראַמע פֿון אַן איזאָלירטער מענטשן־מאַסע, גאַסן־סצענעס, וועלכע דערמאָנען די גרויסע הונגער־קאַטאַקליזמען אין אינדיע. די מחברים שילדערן דעם ביאָלאָגישן אומקום פֿון אַ האַלב־מיליאָניקער באַפֿעלקערונג, וועלכע איז אָן אַ פֿאַרוואָס און אָן אַ פֿאַרזוען, אָן אַ געריכט און אָן אַ דין, פֿאַרמשפּט געוואָרן אויף פֿיזישן פֿאַרגיין — פֿון איבערמענטשלעכער אַרבעט, הונגער און מגפֿות.

די אין דאָזיקן באַנד פֿאַרעפֿנטלעכטע שאַפֿונגען כאַפּן אַרום, פֿון אינהאַלט־שטאַנדפּונקט, די געשיכטע פֿון וואַרשעווער געטאָ פֿון זײַן אָפּשליסן אין סוף 1940 ביז נאָך דער ערשטער גרויסער ליקווידאַציע אין יולי—סעפּטעמבער 1942. אזוי אַרום קאָנען די דאָזיקע ליטעראַרישע שאַפֿונגען דינען ווי אַ טרייע אילוסטראַציע צו די פֿאַרשיידענע עטאַפּן פֿון דעם „לעבן" און פֿאַרגיין פֿון וואַרשעווער געטאָ. מיר האָבן דאָ אַ רירנדיקע שילדערונג פֿון דער מיגראַציע, פֿון דעם נע־ונד־וואַנדערן פֿון יידישע מענטשן אין דער ערשטער צייט, דאָס לויפֿן פֿון אָפּגעברענטע שטעטלעך קיין וואַרשע און צוריק; שוין אין דער שילדערונג פֿון אָט דער צייט (אין וויניקס „ליבע דעמבקאָווסקיס אָוועקגיין") ווערט אַרויסגעפֿירט די טראַגעדיע פֿון צעריסענע משפּחות, די שטומע בענקשאַפֿט פֿון פֿאַרלאָזטע מוטערס צו זייערע הענט־ווייט וואַגלדיקע זין. מיר האָבן דאָ אַ זייער בולטע שילדערונג פֿון די ערשטע צוואַנג־אַרבעט־לאַגערן, פֿון וועלכע דער רוב מענטשן איז געקומען צוריק אייביקע קאַליקעס (א. ווילטש „אין אַרבעטס־לאַגער"). מיר האָבן דאָ רירנדיקע בילדער פֿון נויט („זי האָט אים אָפּגענאַרט"). מיר ווערן אויפֿגעשוידערט פֿון סקלאַווס געמיל פֿון דער לאַגע אין די „פּונקטן" פֿאַר היימלאָזע, וועלכע פֿאַרלירן צוליב דעם פּערמאַנענטן הונגער דעם צלם מענטש. מיר לייענען בלוט־פֿאַרגליווערנדיקע שילדערונגען פֿון דעם חיהשן סאַדיזם פֿון די היטלעריסטישע אָקופּאַנטן באַלד אין די ערשטע חדשים פֿון זייער בלוטיקער ממשלה. מיר געפֿינען אין קירמאַנס, גאָלדינס, סקלאַווס און אַנדערע שאַפֿונגען אַ שלל דערקענטעניש־מאַטעריאַלן וועגן „לעבן" אין די פּליטים־פּונקטן, אין די קינדער־שפּיטאָלן, אין די פֿאָלקס־קיכן. מיר באַקומען אַן אָנונג פֿונעם נייעם טראַגישן שטייגער. דער דאָזיקער טראַגיש־נייער שטייגער טרעט אויף מער אין דער

גאַס ווי אין דער היים. וועגן „לעבן" אין דער היים אין וואַרשעווער געטאָ, וועגן דעם אינטעריער האָבן מיר אַ מער געטרייע אָנונג באַקומען אין די ווערק פון פעלד, אָפּאָטשינסקי און סקאַלאָוו (אין זיין ראָמאַן „האַק אָן קרייץ"). אין דעם איצטיקן באַנד באַקומען מיר אַ ברייטע שילדערונג פון דער געטאָ־גאַס, וועלכע פאַרטרעט דער אָרעמקייט, און בפרט דער ריזיקער מאַסע פאַרוואָרלאָזטע קינדער — די היים. שיינקינדער, גאָלדין און קירמאַן, אַ ריי אַנאָנימע מחברים און טייטלווייז סקאַלאָוו באַשרייבן מיט דער ברייטער האַנט די גאַס אין געטאָ, די גאַס מיט איר משונהדיקן הו־האַ, מיט איר געוואַלדיקן הונגער, מיט אירע טאָגטעגלעכע און יעדע־רגע־טראַגעדיעס, מיט אירע ריזיקע צאָלן בעטלער, הפקרדיקע קינדער, מיט איר טראַגישער וויזיע פון הונגערנדיקע, טיף־פאַרוואונדעטע וועלף, וועלכע עס ברענגט אַרויס י. בערנשטיין, און — מיט איר סאַרקאַסטישן הומאָר, ווי דאָס שילדערט דער יונגער שיינקינדער.

דאָס דאָזיקע בילד פון גאַס, שוידערלעכן הונגער, צעהוליעטע מגפות שליסט אָפּ י. פערלע מיט זיין „חורבן וואַרשע", וועלכע טרייסלט אויף ביזן טיפן ביין. דאָס איז די שטאַרקסטע באַשרייבונג פון דער ליקווידאַציע פון זומער 1942, וועלכע איז נאָר פאַראַן, און דערנאָך קומט פערלעס טיף־סאַרקאַסטישע שילדערונג פון די לעצט געבליבענע ייִדן, פון דעם שאָפּ־שטייגער, ווו דער מענטש איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שקלאַף, אין אַ נומער.

די אַלע שאַפונגען זענען ווייט פון נאַטוראַליזם. דאָס איז, פאַרקערט, סאַמע אמתדיקער רעאַליזם, סאַמעווירקלעך לעבן. די שרייבער לאָזן זיך נישט אַראָפּשטויסן צו פּאַטאָגראַפיעס, צום אָפּגרונד, כאַפּן אויף אין דער אַרומיקער גסיסה און דעם חיהשן יאָגעניש נאָך אַ כזית ברויט — נישט זעלטענע דימענטן פון עכטער מענטשלעכקייט, פון געפילן פון רחמים און סאָלידאַריטעט, פון אומפאַרלאָשענעם טרוים צוריק צו פאַראייניקטן זיך מיט דער וועלט. עס וויל נישט רעזיגנירן לייב הענבקאָוסקיס פאַרלאָזטע מאַמע פון דעם גלויבן, אַז דער אַוועקגעגאַנגענער זון וועט קומען זי נעמען צו זיך, אין איר אַמאָליקער שטוב אַריין, ווו זי וועט שטאַרבן אין אַן אייגענער בעט און אויף אַן אמתער קישן. עס ראַנגלט זיך גאָלדינס הונגעריקער אינטעליגענט קעגן פאַרלירן דעם צלם מענטש. עס פינקלען אויף ביי פשוטע פויערטעס רחמנות־געפילן לגבי די אַרבעטס־לאַגער־אַסירים אין אַ. ווילטשעס שילדערונג. עס לאָזט נישט אָפּ די אויסגעפיינקיטע ייִדן דער געפיל פון הומאָר, ווי מיר לייענען דאָס אין שיינקינדערס גאַסן־בילדלעך. עס איז זיכער אין דעם ענדגילטיקן זיג פון גערעכטיקייט, אין דעם אָנקומען פון אַ נייער וועלט — דער העלד פון סקאַלאָווס שילדערונג, דער

חצי־פילאָזאָף און חצי־דיכטער, דער קרבן פֿון דער אומיושרדיקער אָרדענונג — מעדזשינסקי. און מיט גרויס וואַרעמקייט, מיט אמתער ליריק קומען אויף די מאָטיוון פֿון קירמאַנס סקיצן, די מאָטיוון פֿון בענקשאַפֿט נאָך פֿרייהייט. אין דער סקיץ „הינטער וואַרשע ברענט" האָט דער וואַרשיינלעכער מחבר, יוסף קירמאַן, געבראַכט צום אויסדרוק די ווידערשטאַנד־און נקמה־באַגערן, וואָס שטעקן טיף אין די נשמות פֿון די ווירדיקע אַסירים, וועלכע זענען גייסטיק קיינמאָל נישט געוואָרן קיין שקלאַפֿן. דער טאַטע אין קירמאַנס סקיץ א. נ. „ס'וועט זיין ווי אין אַ טרוים" וויקלט איין זיין קליין זונעלע מיט די ווערטער:

„דאָרט, מיין טייער, מיין ליבנדיק קינד,
„וועט זיין —
„ווען ס'וועט קומען —
„יענער גרויסער —
„יענער גרעסטער —
„און לעצטער, סאַמע לעצטער שיין טאָג".

דאָס איז אַ בפֿירושער אָנדייט אויף דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און אַ נביאותדיק וואָרט וועגן דעם גרויסן, העראָישן אויפֿשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. דאָס איז אַן אויסדרוק פֿון טיפֿן גלויבן אין באַפֿרייונג. די דאָזיקע ווערטער זענען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין מערץ 1942, ווען די דייטש־פֿאַשיסטישע חיילות האָבן אָנגעהויבן באַקומען אַלץ מער ווייטיקלעכע קלעפּ אויפֿן מזרח־פֿראָנט און ווען אין אָקופּירטן פּוילן האָבן זיך צעשאַלט די ערשטע קלאַנגען פֿון אויפֿגעריסענע היטלעריסטישע צוגן דורך פּאַרטיזאַנישע קעמפֿער.

מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער וועט קירמאַן, אַ טיף דערשיטערטער און צעבראָכענער — צוליבן אַלגעמיינעם, נאַציאָנאַלן, און אייגענעם, משפּחהדיקן, אומגליק — אָנשרייבן זיינע צוויי לידער פֿון אומשלאַג־פּלאַץ. מיט דער טיפֿסטער ביטערניש וועט ער וואַרפֿן אין פּנים אַריין דער פּאַרעטערישער געטאָ־פּאָליציי איר מיאוסע געהילף־ראָל ביים כאַפּן יידן צום טויט־הגירוש. עס וועט יהושע פּערלע דורכפֿירן אַ גענויען אַנאַליז פֿון דעם דאָזיקן פֿאַראַט. ער וועט אויך מאַכן אַ חשבון־הנפש, פֿאַרוואָס עס איז נישט געווען בעת דער ערשטער ליקווידאַציע קיין מאַסן־ווידערשטאַנד, און וועט אומדירעקט רופֿן צו אַקטיווער זעלבשוץ (אין „חורבן וואַרשע"). אַזעלכע געדאַנקען האָט געבוירן נישט קיין ליטעראַטור פֿון טויט, נאָר אַ שאַפֿונג, וואָס האָט געגלויבט אין ענדגילטיקן נצחון פֿון גוטס איבער

שלעכטס, פון מענטשלעכקייט איבער קאניבאליזם. דאס דריקט אויך אויס דער אומבאקאנטער מחבר פון דעם הערמאנטן ליטעראריש עסיי; ער פארענדיקט זיין קורצע אפהאנדלונג מיט די ווערטער: „יידישע יוגנט... פאלט נישט ביי זיך, שטארקט אייך און זאמלט כוחות אויף דורכצוהאלטן, ביז ס׳וועט אויפשיינען די זון פאר אלע, אן אויסנאם, קינדער פון דער ערד... דאן וועלן מיר פייערן און באערן אויך די לעבנדיקע, שאפנדיקע יידישע קינסטלער אויף אלע געביטן פון קולטור און ציוויליזאציע".

די מחברים פון די שאפונגען, וואס גייען אריין אין דעם דאזיקן באנד, האבן נישט דערלעבט די באפרייונג. עס זענען געבליבן געציילטע ווערק זייערע, אדער שפליטערס פון די ווערק. דורך די דאזיקע אפגעראטעוועטע בלעטלעך רעדט צו אונדז די פארשניטענע יידישע פאלקס־מאסע פון ווארשע מיט איר זאפטיקן לשון און בילדערישן סטיל. זי דערציילט וועגן זיך, וועגן דעם טראגישן גורל, וועגן די דערהויבענע, נישט־פארלאשענע טרוימען, זי דערציילט וועגן דעם מאוימדיקן לעבן, וועגן דעם לאנגן, צוויי־יאריקן צאפל צווישן לעבן און טויט.

די זאמלונג רופן מיר טאקע אן מיטן דאזיקן נאמען: צווישן לעבן און טויט. אזא איז געווען די אלגעמיינע לאגע פון די געטא־אסורים אין דער צייט־אפשניט 1940—1942. אין אט דעם טראגישן פלאטער צווישן זיין און אומקום האט אויפגעבליצט דער רוף פון דער יידישער ווידערשטאנד־באוועגונג, וואס זיין עכא הערן מיר ביי קירמאנען און טיילווייז ביי פערלען.

די דאזיקע צוויי שרייבער האבן איבערגעלעבט די ערשטע ליקווי־דאציע. זיי זענען געווען עדות פון די ערשטע אקטיווע אקטן פון דער יידישער קאמפס־ארגאניזאציע. צי האבן זיי געגעבן דער דאזיקער דער־שיינונג א תיקון אין זייער שאפן? דאס איז נישט באוווסט. דער סוף פון קירמאנס טראגישער וואנדערונג איז געווען אין אן ארבעטס־לאגער אין לובלינער קאנט. פערלע איז נאך פארשיידענע וואגלענישן אומגעקומען אין אשוויענטשים.

נאך זיי און נאך די אלע אנדערע באקאנטע און אנאנימע מחברים פון דעם דאזיקן באנד זענען געבליבן די עטלעכע שאפונגען, וועלכע שיל־דערן די געשעענישן און געפילן פון דער איזאלירטער יידישער באפעל־קערונג און דעם אומרואיקן צאפל צווישן לעבן און טויט, צווישן דעם ווילן אויסצוהויערן און דעם גזר־דין פון די היטלעריסטישע פעלקערמער־דער, די פארטיליקער פון זעקס מיליאן.

* * *

אין דעם באַנד גייען אַריין שאַפונגען פון די פאָלגנדיקע שרייבער־קדושים פון וואַרשעווער געטאָ: יהושע פערלע, יוסף קירמאַן, זלמן סקאַלאַר, לייב גאָלדין, יצחק בערנשטיין, ישראל ווייניק, ש. שיינקינדער, יחזקאל ווילטשינסקי און דריי מחברים, וואָס זייערע נעמען זענען ביז איצט נישט געוואָרן פעסטגעשטעלט.

יהושע פערלע (1888—1944) איז אַ גוט־באַקאַנטער יידישער פּראָזאַיקער. ער איז אַ מחבר פון אַ גאַנצער ריי פּראָזע־ווערק, וועלכע האָבן אים געמאַכט אַ נאָמען אין דער יידישער ליטעראַטור. אין זיינע פאַר־מלחמהדיקע ראָמאַנען און נאָוועלן שטייט פערלע צווישן ראָמאַנטיזם און רעאַליזם. אין משך פון אַ געוויסער צייט איז פערלע באַגאַנגען אַ זינד לגבי דער יידישער ליטעראַטור, באַנוצנדיק זיין זאַפטיקע און טאַלאַנטפולע פען צו שרייבן שונד־ראָמאַנען אונטער אַ פּסעוודאָנים („דריי שטערנדלעך”). ער האָט עס אין די שפּעטערדיקע יאָרן טיף ווייטאַגלעך דורכגעלעבט און טראַגיש באַדויערט, און ווי אַ זעלבסטרעהאַביליטאַציע האָט ער אָנגעשריבן די באַקאַנטע ראָמאַנען „די גאָלדענע פּאַווע” און „יידן פון אַ גאַנץ יאָר”, אין וועלכע עס איז געקומען אַ בפירושער קער צום קריטישן רעאַליזם. אַ גוטן איינפלוס האָט אויף פערלעס קינסטלערישער אַנטוויקלונג געהאַט דער קורץ־דויערנדיקער סאָוועטישער פּעריאָד אין זיין שאַפן. דערנאָך איז געקומען די ביטערע צייט פון וואַרשעווער געטאָ; אין אָט דער נסיונות־פולער צייט האָט פערלע אָנגעשריבן די צוויי אַרבעטן, וועלכע מיר ברענגען אינעם איצטיקן באַנד, און וואַרשיינלעך אויך אַ ראָמאַן, וואָס איז, צום גרויסן באַדויערן, פאַרלוירן געגאַנגען.

אין פערלעס שאַפונג „4580” קומט צום אויסדרוק אויך אַן אויטאָביאָגראַפישער עלעמענט, און סיי אין דער דאָזיקער סאַטירע, סיי אין דער אויפטרייסלענדיקער כראָניק „חורבן וואַרשע” איז פאַראַן אַ חשבון־הנפש — אי אַ פערזענלעכער, אי אַ געזעלשאַפטלעכער[2].

יוסף קירמאַן (1896—1943) געהערט צו די סאַמע טאַלאַנטפולע פון דער יידישער דיכטער־פּלעיאַדע אין פּוילן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאָס איז אַ דיכטער אַ רעאַליסט, מיט אַ שטאַרקער סאָציאַלער ווייזועלער קראַפט, אַ שרייבער, וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו די אַרבעטנדיקע מאַסן. אין געטאָ האָט ער געשריבן סיי פּאָעזיע, סיי פּראָזע. אויב אין משך פון די לעצטע ערב־מלחמה־יאָרן האָט קירמאַן ווייניק גע-

[2] גענויער וועגן פערלען אין זיין לעצטן טראַגישן פּעריאָד זע אין: ב. מאַרק, „די אומגעקומענע שרייבער פון די געטאָס און לאַגערן”, און דעם אַרטיקל פון זעלבן מחבר א. ב. „יודענראַטישע „אהבת־ישראל” אין „בלעטער פאַר געשיכטע”, ב. 5, העפט 3.

שריבן, איז ער געוואָרן זייער אַקטיוו אין שרייבערישער הינזיכט אין דער טראַגישער געטאָ־צייט. א סך פון זיינע שאַפונגען פונעם געטאָ־פעריאָד זענען פאַרלאָרן געגאַנגען. עס זענען געבליבן צוויי לידער פון אומשלאַג־פּלאַץ, א טיף־טראַגישער בריוו פון זעלביקן ערב־אומקום־אָרט און די פּראָזע־חיבורים, וועלכע מיר ברענגען אין דעם דאָזיקן באַנד [3].

וועגן ז ל מ ן ס ק אַ ל אָ וו (ה. גרויל) האָבן מיר שוין געשריבן אין אן אַנדער אָרט — אין דעם פאָרוואָרט צו זיין ראָמאַן „האַקנקרייץ” (האַקן קרייץ). דער קינסטלערישער רעפּאָרטאַזש פון דעם שרייבער, וועלכן מיר פאַרעפנטלעכן דאָ, איז, ווייזט אויס, איינער פון א סך פאַרצייכענונגען און סקיצן, וואָס ער האָט געשריבן אין וואַרשעווער געטאָ.

ל יי ב ג אָ ל ד י ן איז א ווייניק באַקאַנטער שרייבער, פאַר דער מלחמה האָט ער זיך פאַרנומען מיט ליטעראַטור־קענטעניש און אַלגעמיינע פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע טעמעס. אין געטאָ האָט ער געלעבט אין גרויס נויט, און זיין שאַפונג, וועלכע מיר פאַרעפנטלעכן דאָ, פאַרמאָגט א סך אייגענע איבערלעבונגען.

י צ ח ק ב ע ר נ ש ט יי ן איז פאַר דער מלחמה געווען באַקאַנט ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער. בערנשטיין האָט געהערט צום בירגערלעכן לאַגער. אין געטאָ האָט ער א סך געשריבן, אריינפאַלנדיק נישט זעלטן אין מיסטיק. דאָך פאַרמאָגן געוויסע זיינע זאַכן, ווי למשל, דער עסיי, וועלכן מיר דרוקן אין דעם דאָזיקן באַנד, נישט בלויז א סך דערקענטעניש־מאַטעריאַל (קודם־כל אין הינזיכט פון דערקענען די הונגער־שטימונג אין געטאָ), נאָר אַ שטאַרקע ווירזיע פון דעם אַלץ־פאַרניכטנדיקן הונגער־מולך.

י ש ר א ל ו י נ י ק איז געווען אין געטאָ א מיטאַרבעטער פון „עונג שבת” (אונטערערדישער געטאָ־אַרכיוו). ער האָט דעביוטירט אין די מלחמה־יאָרן. ער איז אומגעקומען (ווי עס גייט איבער אין זיינע נאָטיצן אברהם לעווין) בעת דער ערשטער גרויסער ליקווידאַציע, דעם 29־טן אויגוסט 1942.

ש. ש יי נ ק י נ ד ע ר איז געווען אַ יונגער זשורנאַליסט און אַ רעדאַקטאָר פון א יידישער ספּאָרט־צייטונג. בעת דער דייטש־פּוילישער מלחמה איז ער געווען אין פּוילישן מיליטער. ער איז צוריקגעקומען אין געטאָ. ער האָט אָנגעשריבן א גרויסע צאָל זשורנאַליסטישע און כראָני־

---

[3] געפינען זיך אין דער דערמאָנטער אַרבעט פון ב. מאַרק.

קאַלע פּאַרצייכענונגען און אויך לידער, וועלכע מען האָט געזונגען אין געטאָ.

א. ווילטש איז, ווי מיר האָבן שוין באַמערקט, ווארשיינ־לעך א פּסעוודאָנים פון יחזקאל ווילטשינסקי, דעם מחבר פונעם באַקאַנטן בוך „יידישע טיפּן אין דער פּוילישער ליטעראַטור", וואָס איז דערשינען אין יאָר 1928 אין וואַרשע. ער האָט אין דער געטאָ־צייט אויך אָנגעשריבן היסטאָרישע אַרבעטן פון דער קולטור־געשיכטע פון יידן אין פּוילן אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט.

די מחברים, וואָס זייערע נעמען איז נישט געלונגען פעסטצושטעלן, וועלן מיר אָנרופן: אַנאָנים.

זאָל דער דאָזיקער באַנד זיין א באַשיידענע מצבה נאָך די דערמאָנטע באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע שרייבער, וועלכע זענען פאַרשניטן געוואָרן צוזאמען מיט זייער פאָלק.

ב. מאַרק

## אַנאָנימער מחבר

# ווי א באַהאַלטענער וואַסער־קוואַל פון אונטער דער ערד[1]

מיר לעבן אין א תפיסה. מיר זענען געוואָרן אראָפּגעשטויסן צו דער מדרגה פון היימלאָזע און פארוואָרלאָזטע חיות. קוקנדיק אויף די געשוואָלענע און האלב-נאַקעטע יידן, וואָס ליגן אויף די גאסן, האָבן מיר דאָס געפיל, אז מיר געפינען זיך אויף אַן אונטערמענטשלעכע שטופע. די יידישע, האַלב טויטע סקעלעטישע פּנימער, באַזונדערס פון די קליינע אָפּשטאַרבנדיקע קינדער, ווארפן אויף אונדז אַן אימה און דערמאָנען אונדז בילדער פון אינדיע און אנדערע איזאָלאַציע-לאַגערן פאר מצורעים, וואָס מיר פלעגן זען אויפן עקראן. די ווירקלעכקייט שטייגט איבער די פאַנטאַזיע, און בלויז נאָר איין זאך וואָלט אונדז געקענט איבעראשן, און דאָס איז: אַ מאַסן-מאָרד אָנשטאָט דער סיסטעמאטישער אויסראָטונג און פאַרניכטונג. און ווי ס'זאָל נישט זיין שווער צו ברענגען די ווערטער פארן מויל, מוז מען דאָך זאָגן, אז פאר די, וואָס גייען אויס פון הונגער, וואָלט א שנעלער געוואלט-טויט געווען אַן אויסלייזונג פון שווערע און לאַנגע גסיסה-יסורים.

ס'האָט זיך ראדיקאַל געענדערט די פּראָפּאָרץ צווישן לעבן און טויט. אמאָל פלעגט דאָס לעבן פארנעמען דעם אויבן-אָן, דאָס הויפּט-אָרט, און דער טויט פלעגט זיין א נעבן-דערשיינונג צום לעבן, זיין פינאַל. היינט הערשט מאיעסטעטיש דער טויט, און דאָס לעבן טליעט קוים ווי אונטער א גראָבער שיכט פון אַש. אויך דאָס לעבן, וואָס טליעט נאָך, איז אַזוי שוואַך, אַזוי נעבעכדיק און אָרעם, אָן יעדן פרייען אָטעם, שווונג און גייסטיקן אינהאלט. די נשמה פון יחיד ווי פון כלל איז ווי אָפּגעשטאָרבן, פארטעמפּט און אטראָפירט. בלויז דער גוף האָט נאָך זיינע באַדערפענישן, און ער פירט בלויז אן אָרגאניש-פיזיאָלאָגיש לעבן.

אַזוי זעט אויס די לאַגע אונדזערע אין יידישן ווין-פערטל אין ווארשע און אַנדערשוו. און דאָך האָבן מיר נישט פאַרגעסן, אז מיר זענען מענטשן און נישט

[1] דער טיטל — פון רעדאַקציע.

קיין פרימיטיווע נידעריקע באַשעפענישן, דאָך געדענקען מיר, אז סך־הכל מיט 2 יאָר צוריק זענען מיר נאָך געווען פרייע מענטשן. מיר האָבן געבילדעט אַ לעבעדיקע אָרגאַנישע געזעלשאַפט, וואָס האָט טראָץ אַלע אירע שלעכטע און שאָטנדיקע זייטן דאָך געהאט א מענטשלעכע צורה. מיר האָבן זיך געבילדעט, געשטרעבט צו שאַפן אויף אַלע געביטן פון לעבן און צו באַרייכערן דאָס לעבן. מיר האָבן געבענקט נאָך קונסט אלס דעם העכסטן אויסדרוק פון מענטשלעכן דאָזיין, און מיר האָבן די קונסט אויף אלע געביטן לויט אונדזערע מעגלעכקייטן געפלעגט. מיר האָבן אויך געהאט א חוש און נייגונג צו וויסנשאפט. מיט איין וואָרט: מיר זענען געווען מענטשן און אלדאָס מענטשלעכע האָט אונדז געלאָקט און צוגעצויגן. און היינט?... ווי דערנידעריקט, באַשפּיגן און אומגליקלעך מיר זענען!

דאָך ווילן מיר ווייטער לעבן און בלייבן פרייע שאפנדיקע מענטשן. דאָס וועט זיין אונדזער לעבנס־עקזאמען. אויב אונדזער לעבן וועט אונטער דער דיקער שיכט פון אש נישט אויסגעלאָשן ווערן — וועט דאָס זיין א טריומף פון מענטשלעכן איבערן אוממענטשלעכן, וועט דאָס זיין א באַווייז, אז אונדזער לעבנס־נערוו איז שטאַרקער פון דעם פארניכטונגס־ווילן, אז מיר זענען אימשטאַנד גובר צו זיין אלע בייזע כוחות, וואָס ווילן אונדז איינשלינגען.

אָט די א. ג. קולטור־אָוונטן, פון וועלכע מיר האָבן היינט דעם ערשטן, דאַרפן זיין איינער פון די באַווייזן פון אונדזער שטאַרקן לעבנס־אינסטינקט. זיי דארפן אונדז דערמאָנען אָן אונדזער פארגאנגענהייט און וועקן צו א בעסערער צוקונפט. זיי דארפן אונדז דערמאָנען, אז מיר זענען געשטאַנען אויף א העכערן ניוואָ ווי די ציגיינער, אָדער וועלכער ס'איז נישט ווילדער שבט אין אמעריקע. זיי דארפן אונדז אויפוועקן צו נייער גייסטיקער ארבעט און שאפן, זיי דארפן אונדז נישט לאָזן איינשלאָפן מיט אן אייביקן שלאָף. איך גלייב, אז די יידישע יוגנט, וועלכע איז אַזוי טראגיש געטראָפן געוואָרן דורך דער מלחמה, ווייל זי האָט נאָך נישט באַוויזן צו געניסן פון די פרוכטן פון לעבן און איז פולשטענדיק באַרויבט געוואָרן פון געניס פון שול, וויסנשאַפט, ליטעראַטור, טעאַטער און אַנדערע מענטשלעכע גייסטיקע און מאָראַלישע דערגרייכונגען, שוין נישט רעדנדיק וועגן די פיזישע ליידן ביז ההנגער־טויט, אָט די יידישע יוגנט וועט מיט פרייד אויפנעמען אונדזער איניציאַטיוו און וועט אין די אָוונטן געפינען נייע כוחות צו שטאַרקן זיך און צו דערהאַלטן איר מענטשלעכן אויסזען.

מיר האָבן דעם ערשטן אָוונט געווידמעט דעם פאַרשטאָרבענעם שרייבער וויסנבערג; מעגלעך, אַז דאָס איז געווען צופעליק, דאָך איז עס אין אַ געוויסער מאָס סימבאָליש. וויסנבערג געהערט צו די קינסטלער־שעפער, וואָס ווערן געבוירן ווי פון זיך זעלבסט, וואָס וואַקסן אַרויס ווי אַ בלום אויף אַ פוסט אומבאַארבעט פעלד. אין דעם זין דערמאָנט ער אונדז אָן דעם רוסישן שרייבער גאָרקי, וועלכער איז אויך אויסגעוואַקסן אין אַ סביבה, וו ס'איז נישט געווען קיין פאַר־

שטענדעניש פֿאַר קולטור און ליטעראַטור. אַזעלכע קינסטלער זענען אַ באַווייז פֿאַר דער לעבנס־קראַפֿט פֿון מענטש, פֿאַר זיין אייביקן שטרעבן צו ליכט און פּראָגרעס, פֿאַר דער אינערלעכער שאַפֿונגס־קראַפֿט, וואָס שפּראָצט אַרויס אומדערוואַרט, ווי אַ באַהאַלטענער וואַסער־קוואַל פֿון אונטער דער ערד. זאָל ווייסנבערגס אָנדענק זיין אַ סימבאָל פֿון אונדזער לעבנס־כוח, וועלכער וועט להכעיס אַלע פֿאַרצווימונגען און שטיינער ווייטער פֿליסן באַהאַלטענערהייט, ביז ער וועט אַרויס אויף דער פֿרייער וועלט און וועט זיך צעגיסן מיט יובל פֿון פֿרייד איבער אונדזער לעבנס־פֿעלד.

יידישע יוגנט! מעגלעך, אַז צווישן אייך אין זאָל געפֿינען זיך באַהאַלטענע פּאָטענציעלע ווייסנבערגס. פֿאַלט נישט ביי זיך, שטאַרקט אייך און זאַמלט כוחות אויף דורכצוהאַלטן, ביז ס'וועט אויפשיינען די זון פֿאַר אַלע, אָן אויסנאַם, קינדער פֿון דער ערד. דאַן וועלן זיך אויך ביי אונדז באַווייזן נייע ווייסנבערגס און אַנדערע שעפֿער. דאַן וועלן מיר ערן און פֿייערן נישט בלויז דעם אָנדענק פֿון די פֿאַרשטאָרבענע שרייבער, נאָר מיר וועלן פֿייערן און באַערן אויך די לעבנדיקע, שאַפֿנדיקע יונגע יידישע קינסטלער אויף אַלע געביטן פֿון קולטור און ציוויליזאַציע.

וואַרשע, געטאָ, 13־טער נאָוועמבער 1941.

(רינגעלבלום־אַרכיוו, ערשטער טייל).

ישראל וויניק

# לייב דעמבקאָווסקיס אוועקגיין

פּשוטקייט און לאַנג־דורותדיקער אָפּשטאַם פון פּראָסטע יידן, ישובניקעס, האָרעפּאַשניקעס און דאָרף־גייער האָבן אים אויסגעקנאָטן און אויף אים זייער חותם געלאָזן.

הויך איז ער און לאַנג — דאַר דער גוף און אויסגעצויגן. צוויי שטיוול צערי־סענע — מיט די פּיאַטעס אין דרויסן — אויף די פיס. הויזן געלאַטעטע, און די מאַרינאַרקע הוילע לעבער, מיט לאַטעס אויף לאַטעס באַלייגט...

ער וואָלט זיינע אַלע יאָרן דאָס שטעטל ביעזשון נישט פאַרלאָזן, איבערן שליאַך, וואָס פירט צום דאָרף און צוריק אין שטעטל, נישט אויפגעהערט צו שפּאַנען. ער קאָן דאָ יעדעס שטיינדל, יעדעס הייזל אויפן וועג, יעדע דאָרפישע כאַטע, מיט יעדן שייגעץ און פּויער איז ער פּאַן־בראַט און אויף דו.

דער אַלטער פריץ יאַן האָט געקאָנט זיין עלטער־זיידן דעם קצב. יאַנס זון פּלעגט קיינמאָל און קיינעם נישט פאַרקויפן די יונגע קעלבלעך פון די אָפּגעקעלבטע בהמות און די אונטערגעוואַקסענע יאַלוויקעס, ווי נאָר צו זיין זיידן.

איינגייער פון קדמונים און פון דור־דורות איז זיין גאַנצע משפחה צו די פּויערים, און די פּויערים — אין זייערע יאַטקעס און קליינשטעטלדיקע שטובן.

איינער פּלעגט געדענקען דעם צווייטנס יום־טובים — און צוזאַמען פּלעגן זיי פּראַוועו אַלע שמחות און הנאות. אין שבתים — בחורוויז — פּלעגן זיי קיצלען די גוישע שיקסעס און די זונטאָגן פאַרברענגען צוזאַמען אין די יידישע שענקן.

* * *

יעצט שפּאַנט לייב איבער די וואַרשעווער גאַסן: ער מיט אַ האַק אויף די פּלייצעס, און דער טאַטע זיינער מיט אַ זעג אונטערן אָרעם.

אַלע מלאכות האָט ער דאָ שוין אָפּגעטאָן — געארבעט אויף דייטשישע „פּלאַצווערקעס", פאַרטראָטן און אונטערגעשטעלט אויף קלעפּ זיינע פּלייצעס פאַר אַ פינפער גילדן — אַזוי פאַר יעדן, וואָס האָט געגעבן אַ צעטל אויף ארבעט; גע־שלעפּט ציגל אויף זיינע פּלייצעס צו בויען נייע פּתוחם און רעמסס, שווערע קאַסטנס מיט פּולווער אויף הרגענען מענטשן, בענזין־פעסער צו טרייבן דעם שונאס מאַטאָרן, געלאָדן און אויסגעלאָדן וואַגאָנען, און קלעפּ אויף קלעפּ גע־פּאַקעוועט — נישט איינמאָל אויפן ניכטערן מאָגן.

זייט מען האָט פאַרמאכט דעם יידישן געטאָ, האָט זיך אָפּגעשטעלט לייבן די אַרבעט. יידן ווילן מער קיין צעטלען אויף אַרבעט נישט געבן, אויב יאָ שוין — טאָ צאָל כאָטש צו, ווייל מען קאָן דאָך פון „יענער זייט" ברענגען ברויט און קאַרטאָפל.

ער האָט אַפילו איינמאָל געפּרוווט דאָס גליק. זיין שוועסטער האָט פאַרקויפט דאָס לעצטע פון שטוב און ער איז ווידער, נאָך לאַנגע וואָכן ליידיק־גיין, אַוועק אויף אַרבעט.

איז ער אַהיים געקומען אין אָוונט גלייך מיט אַלע — נאָר אָן דעם זעקל גע־קויפטע קאַרטאָפל, דעם איינציקן שווארצן ברויט, מיט ביילן אויפן פּנים און קער־פּער, אונטערגעהאקטע זייטן און בלויע רעדער אונטער די אויגן.

זייט דעמלט גייט ער מיט זיין טאַטן, דעם זיבעציק־יאָריקן יוסף, איבער יידישע סקלאַדעס און הויפן האָלץ האַקן.

אויך די ארבעט האָט זיך אָפּגעשטעלט. זיצט ער אין שטוב נעבן דער אַלטער און קראַנקער מאַמען, קוקט ווי דער טאַטע זאָגט תהלים, ווי די שוועסטער וויל שיילן קאַרטאָפל און שאָבט מיטן שוואַרץ־באַנאַגלטן פינגער די פאַרפרוירענע שויבן, הויבט אויס אַ לעבל אין ווייס באַשאָטענעם וועלדל, וואָס דער פראָסט האָט אויסגעמאָלן אויף די שויבן, און קוקט ארויס מיט אַן אייגל, ווי נח פון דער תיבה...

* * *

לייב מיט זיין פאַמיליע האָבן באַקומען צוגעטיילט דאָס ערגסטע צימער אין איינעם פון די בעסטע פּונקטן אויף ט־2, זיינע מיט־שכנים זענען די אָרעמסטע און שמוציקסטע אויפן פּונקט — און די אומריינע פאַמיליע „ק" פאַרביטערט לייבן מיט זיין פאַמיליע די רעשט יאָרן.

צום אָפּיעקון פון פּונקט האָט לייב און זיין פאַמיליע זעלטן אַ טענה. פאַלט צו אַ שטיקל ברויט, אַ ביסל צוקער, גרויפּן, קאַשע אָדער גאָר עטלעכע גראַם מאַנגע אַמאָל אין אַ יובל — נעמט עס לייב אַ פאַרשעמטער מיט ווייטאָג אין האַרצן און אַ זיפץ אויף די ליפּן און דערלאַנגט עס זיין שוועסטער אָדער דער אַל־טער און קראַנקער מאַמען. צו אַלע שווערע אַרבעטן אויפן פּונקט, וואָס קיינער טוט

עס נישט גערן, כאַפּט זיך זיין שוועסטער די ערשטע. וואַשט און רוימט די פענצטער און פּאָדלאָגעס, רייבט און רייניקט נאָך יעדערן די שמוציק געלאָזענע קלאָזעטן.

פון די מיוחסים אויפן פונקט, וואָס זענען שטענדיק פול מיט טענות און מענות, ווייל מען האָט זיי קיין ברויט, קאַשע אָדער אַ בחינמדיק מיטאָג נישט געגעבן — האַלט זיך לייב און זיין פאַמיליע פונדערווייטן — און זיי, די מיוחסים, מיידן זיי אויס, ווי נישט זייערס־גלייכן...

לייב האָט געהערט, אַז די פּליטים אַנטלויפן פון ווארשע און פאָרן צוריק אין זייערע פארלאָזענע היימען. שלאָפט ער נישט מער די נעכט, איז וואַך מיט זיין אומרו אויפן הארטן געלעגער. גייט די טעג ארום ווי אַ פאַרלוירענער, מיט מחשבות שווערע באַלאָדן — און אין דמיון טאָפּטשעט ער שוין אויף די היימישע, פאַרשנייטע און בלאָטיקע וועגן... ליגט און פיבערט אדורך די נעכט אויף זיין שותפות־געלעגער מיטן אַלטן טאַטן, פירט מיט אָפענע אויגן איבערן פינצטערן צימער, קוקט אויף זיין אלטער און קראַנקער מאַמען, וועמען ער וויל פאַרלאָזן, און שמועסט זיך אַדורך, ווי שטענדיק, אָן ווערטער מיט זיין עלענדער שוועסטער און וואַרעמט איר בלייך שלאָפנדיק קינד מיט זיינע תמימותדיקע אויגן...

היינט גייט לייב אַוועק פון פונקט.

זיין שוועסטער האָט צונויפגעסטריגעוועט אַ זעקל, אריינגעלייגט לייבס לעצט פאַרמעגן: אַ באַקומען העמד, אַ פּאָר גאַטקעס און צוויי צעדריוולטע זאָקן. די מאַמע האָט ארומגעטאַפּט און אויסגעגלעט דאָס זעקל — ווי אַ קינד עס גע־צערטלט, אַזוי ווי אין די אמאָליקע יונג־מאַמעשע יאָרן, און אויסגעצוואָגן עס מיט הייסע טרערן פון אירע האַלב־אויסגעטריקנטע אויגן.

אַ פאַרחושכטער, מיט אַ טיפן אומעט אין די אויגן, שפּאַנט לייב איבערן צימער און באַקוקט איינצייטיק די ניי־אָנגעטוענע אמעריקאנער שיך, וועלכע ער האָט באַקומען אין וועג אריין.

אַ נישט דרייסטער איז ער אריין צום אָפּיעקון און — ווי שטענדיק — פאַר־ענטפערט זיין קומען:

— כ'האָב געוואָלט עפּעס זאָגן פאַרן אַוועקגיין. אָט זענען מיינע אַלטע שטיוול. זיי זענען אפילו צעריסן. אפשר דאַרפט איר די שטיוול, איך האָב דאָך שיך באַקומען. אפשר וועט אַן אנדערער דערוויל זיי קאָנען ווי ס'איז טראָגן? — ברעכט זיך זיין קול, און אַ פּייכט הייטל פאַרציט זיינע גרויסע און דאָך מילדע קצבישע אויגן...

שטייט לייב אין זיין אומגעלומפּערטקייט פאַרלוירן, און עס הענגען ביי אים די הענט מיט צוויי בזיונדיק־צעריסענע שטיוול, און וואַרט אויף אַז ענטפער, ווי וועלנדיק פאַר זיך און זיינע שטיוול עפּעס אַ תיקון געפינען.

— און אויך אין מיין מאַמען, בעט איך, זאָלט איר נישט פאַרגעסן. זייט איר אַ פאָטער, — און מער האָט ער שוין קיין וואָרט פון זיין פאַרהאַקט מויל נישט געקאָנט אַרויסברענגען.

לייב האָט געדריקט מיט זיין האַרעפּאַשנער האַנט דעם אָפּיעקונס ווייך צעקראָכן הענטל, און ביי יעדן האָבן געפינטלט און געטרערט די אויגן.

* * *

שוין אַ וואָך צייט, ווי די דאָקטאָרקע באַזוכט יעדן טאָג לייבס מאַמען. זי וואונדערט זיך: ווי אַזוי לעבט זי נאָך, די אַלטע, אַז קיין פּולס דערגייט נישט מער, דאָס ביסל מאַגנע, וואָס זי באַקומט, קאָן ווייט נישט דערהאַלטן דאָס חיות. „טאָז"ס פּראָשקעס און איינשפּריצונגען אין איר הויט־ און ביינערדיק־לייב קאָנען ווייניק וואָס העלפן.

— לעבט זי סיידן פון נסים, — זאָגט זי — ווייל אַנדערש ווי קאָן עס גע־מאָלט זיין?...

איז דער אַלטערס פּנים געוואָרן נאָך געלער ווי וואַקס, מיט קנייטשן, ווי אויסגעפּאָרעגע וועגן, פאַרצויגן; די סטערטשענדיקע ביינער פון אויסגעמאָגערטן ברוסט־קאַסטן, וואָס שפּאַרן זיך פון אָפענעם מענער־העמד, שטייגן ווי שטיגן צום האַלדז צו אַרויף... דער אָטעם איז שווער און אָפּגעהאַקט, סקריפּעט ווי אַ טעמפּע און שווערע זעג אַרויף און אַראָפּ.

שטייט דאָס פענצטער אָפן אין אַ קאַלטן ווינטער־טאָג פון אַ נישט געהייצט צימער — אפשר וועט די קראַנקע דעם אָטעם לייכטער כאַפּן. די שכנים ביי דער טיר די הענט פאַרבראָכן, דער אַלטער טאַטע זאָגט תהילים, און די טאָכטער גלעט די ביינערדיקע האַנט פון דער אויסגייענדיקער מאַמען און וויינט...

בענקט די מאַמע נאָך לייבן, זוכט אים איבערן שטוב מיט האַלב־פאַרגלייזטע אויגן און פרעגט אין זיך: ווען וועט ער שוין קומען איר נעמען? ער האָט דאָך צוגעזאָגט באַלד קומען און נעמען! דאָרט וואַרט דאָך אַ שטוב אינדערהיים. אַן אייגן ווייך בעט, מיט קישנס הויך־באַלייגט, און אַ וואַרעמע דעק. דאָ איז אַזוי קאַלט און עס ציטערט דאָס לייב... וויינט זי אין שטילן אויסגיין — ווען וועט לייב שוין קומען, ווען וועט ער איר נעמען?...

זי האָט אים אָפּגעזוכט: אָט איז ער, אָט שפּאַנט ער און טאָפּטשעט אין שניי און אין בלאָטע צום שטעטלס אַלט־באַקאַנטע וועגן; אָט גייט ער, אָט איז ער, לייב, נאָך אַ מינוט, נאָך אַ ווײַלע — און דערווייל האָט זי ביידן: לייבן און איר עלנד און אומעטיק לעבן אויף אייביק פאַרלוירן.

וואַרשע, געטאָ, 1941.

(רינגעלבלום־אַרכיוו, ערשטער טייל, ב' 346).

א. ווילטש (יחזקאל ווילטשינסקי)

# אין אַרבעטס־לאַגער [1]

„ווער ס'קומט אַהער אריין,
פאַרגעס אָן האָפנונג“.

דאַנטע.

דער האָריזאָנט איז באַזוימט מיט א שווארצער וואלד־סטענגע. די געדיכטע בראשיתדיקע וועלדער רינגלען ארום דעם קאַנט פון דריי זייטן, שניידן איבער דעם טראקט, שלינגען איין די וועגן און ווארפן אָן א שווארצן שאָטן אויף די פויערישע כאַטעס, וואָס שטייען אין דער נידער. צוויי זאַמדיקע בערגלעך מיט געפאלדעוועטע רוקנס פון ווינט־טריט היטן פון ביידע זייטן דעם שליאַך. דער שליאַך ווערט דאָ פאַרשלונגען אין ווייסן זאַמד, שלענגלט זיך דורך די בערגלעך און ווערט נאָך דעם פארלוירן אין דעם וואלדיקן אין־סוף. ביים שליאַך, צופוסנס פון די ווייסע זאמדבערג, ליגן פאַרבאָרגן די הילצערנע באַראַקן פון לאַגער.

אין אַ קאַלטלעכן אַפּריל־טאָג פירט מען אונדזער מחנה, צוויי הונדערט מיט פינף מענטשן, געכאַפּטע אין מיטן גאַס, אין לאַגער אריין.

נאָך מיטאָג שיינט ארויס א קרענקלעך־קארגע זון. די לופט איז אָנגעפילט מיט ליחות. דער וועג איז ווייך אונטערן טראָט און זומפּיק. די עצבות הענגט איבער די פאַרזומפּטע פעלדער, איבערן ווייסן זאַמד. פון די ווייטע וועלדער ווייעט אַ שוואַרצע אימה.

מיר זענען אלע מיד און הונגעריק. צופעליק האָט מען אונדז געכאַפּט, און קיינער פון אונדז פארמאָגט נישט קיין שטיקל ברויט צו שטילן דעם נאָגנדיקן הונגער. די שוואכע שטייען אָפּ. מיר שלעפּן זיי אויף די אקסלען און ברעכן זיך

[1] דאָס זענען געווען די ערשטע אַרבעטס־לאַגערן, פון יאָר 1940, וווהין מען האָט ביצוואַנג געשיקט יידן פון ווארשעווער געטאָ — רעד.

אונטער דער שווערער משא. די פיס זינקען איין אין ווייסן זאמד, וואָס ליגט ווי אַ בריק צווישןביידע ברעגלעך.

אַ חלום שוועבט אין די באַראקן, אויף די האלב־פארשלאָסענע וויעס: אַ שטי־קעלע ברויט.

אויף די הילצערנע דריי־שטאָקיקע פּריטשעס ליגן אויסגעדארטע, מידע גופים. ס'איז שוין ערב־זומער, נאָר די נעכט זענען הארבסטיק־קאַלט און רעגנדיק. מיר שלאָפן אין די אָנטועכצן, די היטלען אָנגעצויגן איבער די אויערן, די שיך אויף די פיס.

א הייזעריקער פייף שניידט דורך די לופט. „פּאָבודקא“.
ביים אַפּעל שטייען דריי הונדערט און זיבעציק מאַן.
אויסגעטרעטענע שיך, צעריסענע לאַכמאַנעס, און הונגעריקע מאָגנס.
— אַלע גלייך... אַלע גלייך... — זאָגט זלמן פּורמאַן.
אַלע גלייך. — זלמן פּורמאַן, א רב א פּליט פון א קליין שטעטל, א לונגען־קראַנקער קונסט־מאלער פון ווין, א „תרבות“־לערער, אן עדה חלושדיקע יידן.

מען שטעלט אונדז אוים צו דרייען אין א שורה, לאַפּאַטעס אין די הענט. צו דער אַרבעט. מיר גייען מיט שטרויכלענדיקע טריט.

פאַר יעדער פויערישער כאַטע הענגט אַ חלום:
אַן אָפּגעבאַקטע קאַרטאָפל,
אַ שטיקל קאָרן־ברויט.

און באַנטשע שוייג זעט אין טרוים:
אַ ברוקווע און אַ מערל.

מיר ציען אָפּ די וואַסער פון פארזומפּטע פעלדער. די פארזאמדיקטע קאנאלן ווערן אָפּגערייניקט. מיר שטייען אין וואסער און ווארפן אויף די ברעגן לאָפּאַטעס פול זאַמד. אַ דראָבנער רעגן טריפט, צעווייקט די בגדים און מאַכט שווער דאָס געמיט. דער הונגער נאָגט און נאָגט. אויפן פרימאָרגן האָבן מיר געטרונקען א טעפּל ביטערע קאווע, און אכצן דעקאָ ברויט וועט מען ערשט געבן אויפדערנאַכט.

אויפן הילצערנעם בריק זאמלט זיך א קרייזל נייגעריקע פויערים. א פויערטע ווארפט אונדז רחמנותדיקע בליקן.

אַ ייד צעוויינט זיך:

„האָט רחמנות גוטע מענטשן... מיר גייען אוים פון הונגער... אַ פרוי אין שטוב... א קינד... א יתום“...

די פויערים זוכן אין די קעשענעס: איינער האָט א ביסעלע מאַכאָרקע, א צווייטער — א קריש ברויט.

אַ פויער בייגט זיך אראָפּ פון בריק און זאָגט:

„נו, ברודערקע, מיר וואָלטן דאָך געגעבן, ווען מיר זאָלן האָבן... א זומפּיקער קאַנט דאָ, אַן אָרעמער... און ברויט איז טייערער ווי גאָלד... די דייטשן נעמען אַלצדינג צו, אי אייער, אי ברויט, אי קאַרטאָפל...“

נאָר אין א האַלבער שעה ארום קומט אָן א פּויערטע. זי נעמט ארויס פון אונטער דער פאַטשיילע א שטיק ברויט און דערלאַנגט דעם ערשטן יידן לעבן בריק. דער עולם שטייט א ווייילינקע צעטומלט, נאָר נאָך דעם ווארפט מען אָפּ די לאָפּאַטעס אָן א זייט, מען שפּרינגט אריבער דעם קאַנאַל — איין אויגנבליק — און דער ייד מיטן ברויט ליגט שוין אויף דער ערד. צענדליקער יידן שלאָגן זיך, ווארפן זיך אום, וואַלגערן זיך אין דעם זאַמד, קוילערן זיך ברעג אראָפּ, און א געשריי צעטראָגט זיך הילכיק אין דער וווייט.

פון דעם צווייטן פעלד קומען אָן די לאַגער־שוץ־לייט, זיי שלאָגן מיט די קאָלבעס, די „סטאַיאַקעס“ פּאָבען מיט לאַנגע בויגעוודיקע שטעקנס.

די געשרייען ווערן שטאַרק און שטאַרקער. עמעץ הייבט זיך אויף מיט א צעביילטן קאָפּ, עמעץ מיט א פאַרבלוטיקטן האַלדז. מען שפּרינגט צוריק אין וואסער, מען כאַפּט די לאָפּאַטעס אין די הענט און מיט צעקלעמטע הערצער ווארפט מען שנעל דאָס זאַמד.

אויפן ברעג, ביים בריק, ליגט דער ייד פון ברויט און וויינט מיט ביטערע טרערן. די קרישקעלעך ברויט וואַלגערן זיך אויף דער ערד. דער ברעג ווערט הויך און העכער פון דעם צוגעשיטן זאַמד. די לאַגער־שוץ־לייט שטייען מיט אויסגעשטעלטע ביקסן.

...און אז עמעץ פאַלט אוועק, איז וואָס? נאָר אז אין א מיטן טאָג זענען פלוצלינג אוועקגעפאַלן פיר מענטשן מיטאמאָל, און אין אָוונט האָט מען זיי אראָפּגעלאָזן אין דער ערד, ביים בערגל לעבן לאַגער, און אויף מאָרגן האָט מען געגראָבן אכט נייע קברים — האָט א ציפ געטאָן אין הארץ. יעדערער האָט [געקנייפּט] [2] די איינגעפאַלענע באַקן און געקוקט מיט פּחד אויפן נייעם בית־הקברות.

איין מאָל, נאָך דער ארבעט, האָבן מיר געטראָפן אונדזער שכן הירשהאָרן אַן איינגעצויגענעם אויף זיין פּריטשע. דאָס טעפּל קאַווע איז געשטאַנען האַלב אויסגעקערט.

די יידן האָבן אים אָנגעקוקט מיט פאַרשרעקטע בליקן:

— הירשהאָרן... דו גיסט אַוועק די באַנע...

— איך וועל אייך איבערלעבן...

— ברודערקע, שפּאַר זיך נישט, דו ווערסט דאָך היינט אַרויספּאָכען די נשמה...

---

[2] די ווערטער אין די קוואַדראַט-קלאַמערן זענען צוגעשטעלט געוואָרן דורך דער רעדאַקציע.

אין א שעה ארום איז ער געלעגן מיט אַן אויפגעריסן מויל און א געלן וואַק־סענעם פּנים. זאַט. רואיק. פיר הענט האָבן אים אראָפּגעשלעפּט פון דער פּריטשע. אַרויפגעלייגט אויפן טראָג־בעטל, און פאַרנאַכט צו באַגראָבן אויפן בערגל.

פון יעצט אָן האָט מען שוין יעדן טאָג צוגעגרייט פרישע קברים פאַר די, וואָס וועלן אויסציען די פיס.

די לאַגער־שוץ־לייט — בכבודיקע מענטשן פון דער אונטערוועלט, בירגער פון קערצעלאַק און פון פּאַוויאַק,[3] האָבן זייער אָרנטלעכן אַנטייל אין דעם לעבן פון אונדזער לאַגער. בייטאָג פלעגט דער לאַגער־קאָמענדאַנט, א ברייטע, מגושמ־דיקע בריאה, אראָפּנעמען אַ העלפט פון דעם פּראָוויאַנט, וואָס איז געווען פאַר אונדז באַשטימט. ביינאַכט פלעגן די וואַרטאָווניקעס צערויבן לויט דער מאָס פון זייער גנבהשן געוויסן.

בייטאָג פלעגן זיי שלאָגן מכות־רצח: ביים עסן, ביים אַפּעל, סתם אַזוי זיך, וויליונגעריש, מעשה־באַלעבאָס.

איין מאָל האָבן זיי אונדז איבערגעוועקט אין מיטן נאַכט. ס'איז געווען א רעגנדיקע פינצטערניש.

— איינס, צוויי, דריי!... אראָפּגיין אין די גאַטקעס, באָרוועסערהייט...

— מיר טראָגן הויזן...

— אויסטאָן זיך.

זיך אויסגעטאָן. מען האָט אונדז ארויסגעפירט אויף ווינט און רעגן. עס האָט זיך אָנגעהויבן א נאכט־אַפּעל. דער לאַגער־שעף האָט געשלאָגן, געוואָרפן מוסר־רייד.

— אַזוינע און אַזוינע... כ'וועל אייך לערנען ווי אַזוי צו אַנטלויפן... כ'וועל אייך אַלעמען אויסשיסן...

אין דער לופט האָט זיך געפילט דער ריח פון גאָזשאַלקע. זיין שטים האָט זיך שיכרותדיק צערוועט...

ביזן פרימאָרגן זענען מיר נאָך דעם געלעגן דורכגעווייקטע פון רעגן. אַ צאָן האָט געקלאַפּט אין אַ צאָן.

ס'האָט שאַריעט. דער טאָג איז אויפגעגאנגען גרוי. פון דער ווייטנס האָבן מיר דערהערט בייזע, שרייענדיקע קולות. נאָך דעם האָבן זיך עטלעכע שטימען הכנעהדיק געבעטן:

— פּאַניע קאָמענדאַנטשע... האָט רחמנות... מער וועלן מיר נישט אַנטלויפן... מער נישט...

איינס... צוויי... דריי... שאָסן זענען געפאַלן. די שטימען זענען אָפּגע־שטאָרבן אין די קוסטן, נעבן זאַמדיקן בערגל. אַרום איז געוואָרן שטיל, די לופט

[3] קרימינאַליסטן, אָדער פּאָליטישע תפיסה־וועכטער — רעד.

איז געווען רעגנדיק און גרוי. אויפֿן בערגל זענען געבליבן ליגן צוויי דורכגעשאָסענע קערפּערס. צוויי ברידער... איינער צוואַנציק און דער צווייטער אכצן יאָר...

מיט א טאָג צוריק האָבן זיי געזאָגט צו זייערן א באַקאַנטן: ווען די מאַמע זאָל וויסן, אַז מיר לײַדן דאָ קלעפּ און הונגער, וואָלט זי אויסגעגאַנגען פון עגמת־נפש...

נאָר די מאַמע האָט נישט געוווסט פון איר אבידה: צוויי קינדער, הויך־געוואַקסיקע, בראָנזענע יונגען אין איין טאָג פאַרלאָרן. זי האָט זייערע בעט־געוואַנט נישט געהערט. זייערע שטימען האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט אין די קוסטן און אָפּגע־שטאָרבן אין דעם גרויען טאָג.

מען האָט אונדז אויפגעוועקט אין מיטן נאַכט: די קראַנקע פאָרן באַלד אהיים...

מיר האָבן זיך פיבערהאַפט געגרייט. זיך אויסגעשטעלט אין שורה. דער קאָמענדאַנט האָט קורץ מודיע געווען:

— ווער ס'וועט אָפּשטיין אויפן וועג, וועט דערשאָסן ווערן.

איבער די באַראַקן איז ארומגעלאָפן א יונגערמאַן. מיט א טאָג צוריק האָט מען אים צעשלאָגן, און בײַנאַכט איז ער אַראָפּ פון זינען:

— ווי זאָל איך גיין, אוי, ווי זאָל איך גיין, אַז די גאַטקעס האָב איך נישט...

זײַן שטים האָט זיך געטראָגן ווי אַ בייזע נביאות. מיר האָבן אים געשלעפּט אין שורה אַרײַן. ער האָט זיך געקלאַמערט אין א פּריטשע און געשריען מיט אַ משוגענעם קול:

— אַז די גאַטקעס האָב איך נישט...

דער קאָמענדאַנט האָט געהייסן אים צופירן צו זיך. בײַם ארויסגיין פון דעם לאַגער האָבן מיר געהערט א שאָס. דעם בחור האָבן מיר מער נישט געזען.

אויף אַ קליינער באַן־סטאַציע, אַנדערהאַלבן שעה נסיעה פון וואַרשע. מיט איבערמענטשלעכן כּוח האָבן מיר געבראַכט צו שלעפּן די שוואַכע. קיינעם נישט איבערגעלאָזן אויפן וועג.

אין אַנדערהאַלבן שעה אַרום! אין אַנדערהאַלבן שעה אַרום וועט יעדער זיך זען מיט זײַן פרוי און קינדער, מיט זײַנע נאָענטסטע.

מיר וואַרטן אויפן צוג.

איינער גיט זיך פלוצלינג אַ וואַקל. די פיס פאַרפּלאָנטערן זיך אים. ער בלײַבט ליגן מיט שוים אויף די ליפּן.

מען שרײַט פון אַלע זײַטן:

— ער שטאַרבט... אַ שטיקל ברויט...

אַ פאַרבײַגייענדע קריסטלעכע פרוי דערגענטערט זיך און שטרעקט אויס אַ שטיקל ברויט, נאָר דער קאָמענדאַנט, א פּאָליאַק, דונערט אויס:

— קיין אַריער טאָר זיך צו קיין יידן נישט דערנענטערן. אַוועק!

מיר שטייען הילפלאָז. די שוים איז פאַרשלונגען געוואָרן צוריק אין מויל. דער לעצטער אָטעם־צוג.

טויט.

צוויי ברידער זיצן אויפן גראָז. פלוצים פאַרוואַרפט איינער דעם קאָפּ, פאַר־גלאָצט די אויגן.

— דודל!... דודל!...

דער ברודער בעט זיך, צערעוועט זיך ווי אַן אָקס:

— דודל!... דודל!... היהלע וועט זיין ביים באַן... רבקהלע... זיי וואַרטן דאָך אויף דיר... נאָך אנדערהאַלבן שעה... ד ו ד ל !... ראַטעוועט... אַ ביסל טיי... אַ שטיקל ברויט...

פון אַן אַנטקעגנאיבערדיקן מויער, פון אַ פענצטער פון צווייטן שטאָק, וואַרפט אַ פוילישע פרוי אַ פלאַש מיט מילך. הונדערט הענט שטרעקן זיך אויס צו כאַפּן... די פלאַש דרייט זיך אין דער לופטן און פאַלט אויפן שטיינערנעם ברוק. אַ ווייסער מילך־שנור באַווייסט די ערד.

אין אייניקע מינוט ארום:

דודל וויל שוין גישט קיין שטיקל ברויט, קיין טראָפּן מילך.

טויט.

צוועלף טויטע ליגן אויסגעלייגט ביים וואָקזאַל. צוועלף אויסגעדאַרטע, אויס־געהונגערטע קערפּערס.

דייטשן דרייען די פּאַטאַ־אַפּאַראַטן.

אויף די פאַרגליווערטע הענט שרייבט דער סאַניטאַר מיט בלויען שריפט די נעמען פון די טויטע.

די גופים לייגט מען ארויף אויף דריי פויערישע פורלעך. מען פירט זיי צוריק אין לאַגער. אויפן בית־הקברות.

מיר וואַרטן אויפן טויט, ווי קעלבלעך אויף דער שחיטה.

נאָך אנדערהאַלבן שעה —

און ועמען וועט זיך נאָך א פלאַנטער טאָן די פּיס, אזוי זיך, מיט אמאָל, אַן אַ געשריי, און אויסגיין ווי אַ הונט ביים שוועל פון דער אייגענער שטוב, און פוילן אין דעם לאַגער־בית־הקברות?

וואַרשע, געטאָ, פּרילינג 1941.

(רינגעלבלום-אַרכיוו, ערשטער טייל, נ' 1039, צייטשריפט „דרור" נ' 7—8).

יוסף קירמאַן

# דער חסד פֿון אַ שטילן טויט

## (דאָס קינד דער אומשולדיקער קרבן מאָנט זיין חשבון)

פֿאַרן טויער פֿון שפּיטאָל האָט זיך אויסגעטאָן נאַקעט אַ קינד, אפשר 12 יאָר אַלט. ער האָט געשריען ביז הייזעריקייט, געבעטן זיך, מען זאָל אים אַריינ־נעמען, מען זאָל עפֿענען די טיר, הינטער וועלכער עס איז ריין און וואַרעם.

...געוויינט, אַז ער איז הונגעריק. אַז עס איז אים קאַלט, אַז ער קאָן נישט איינשטיין אויף די פֿיס... ווער וואָלט יאָ איינגעשטאַנען אויף אַזעלכע פֿיס? דאַרע, בלאָע, פֿול מיט ווונדן און מכות און דערצו נאָך באָרוועסע אין דעם איינ־קאַלטן, ווינטיקן און רעגנדיקן נאָוועמבער־טאָג... דריי מאָל פֿאַריאָגט, קומט ער עקשנותדיק ווידער. ער האָט שוין אויסגעשעפּט אַלע אַרגומענטן. אַפֿילו דעם לעצטן, אַז עס טוט אים וויי דער בויך, אַז ער ליידט אויף דיזענטעריע.

אַלזאָ, ער האָט אָנגעמאַכט אין די הויזן, און איצטער טוט ער זיי אויס אויף דער גאַס, פֿאַר די אויגן פֿון די גלייכגילטיקע צושויער.

פֿון דער צעריסענער העמד־שמאַטע קוקט אַרויס זיין הויט, צוגעטריקנט צו די ביינער, בלאָ, צעדראַפּעט, צעביסן. קרעץ, אייטערדיקע ווונדן און דאָס אַלץ באַשאָטן מיט צענדליקער, הונדערטער לייז.

דער דאָקטאָר, בלאַס פֿון דערנערווירונג, טראַכט: — ס'איז נישטאָ קיין עצה, מען מוז אים אָננעמען. פֿאַרן שפּיטאָל זאַמלט זיך אָן אַן עולם, און דער נאַקעטער, שטינקענדיקער בעטלער פֿאַרשטעלט דעם אַריינגאַנג.

דאָס טויער עפֿנט זיך, מיט אַ געשריי (נישט קיין טריומף־געשריי איז עס; דאָס איז אַ וואָיען פֿון אַ חיה, פֿאַרווונדעט צום טויט) גייט ער אַריין אויפֿן שפּי־טאָל־שטח. ער האָט זיך אויסגעקעמפֿט זיין רעכט. צי איז עס אַ רעכט צום לעבן? צו ראַטעווען זיך?

גיכער גיין, לויט דער דערפאַרונג איז וואָרשיינלעך, אַז אין זיין קאָשמאַרפולן שפיל האָט ער געוווּנען בלויז איינס: דעם חסד פון אַ שטילן טויט... נישט אויפן ברוק, נישט אין אַ קאַלוזשע בלוט, אייטער און קאַל, נאַקעט אונטערן צעגייענדיקן שניי... נאָר אויף אַ בעט, אונטער אַ קאָץ, אָנטלויזט. דעם חסד, וואָס כאַטש אין דער לעצטער שעה פון זיין קורצן לעבן, וועט ער מיט די רעשטלעך פון זיין אויסגייענדן באַוווּסטזיין זיך פילן נישט ווי אַ געיאָגטע, פאַרפאָלגטע, באַשפּיגענע חיה, נאָר — כמעט — ווי — אַ מענטש — — — —

* * *

אַ קינד דערציילט: „איז, אַז דער טאַטע איז געשטאָרבן, טאָ זענען מיר געזעסן אַזוי אַ טאָג נאָך אַ טאָג, און דער טאַטע איז געלעגן און מיר לעבן אים. און שפּעטער, זענען מיר אַוועק אויף דער גאַס, האָט מיין שוועסטער גענומען וויינען פון קעלט, האָב איך איר געגעבן מיין קורטקע. און דערנאָך האָבן מיר שוין נישט געקאָנט גיין, זענען מיר געזעסן און געוויינט. און דערנאָך האָט אונדז געפונען אַ פּאָליציאַנט...“ און דאָס איז אַלץ. די גאַנצע דראַמע פון פאַרלאָזן זיין, אומבאַהאָלפנקייט, מורא, טויט פון עמעצן, וואָס מען האָט דאָך אים ליב געהאַט, אויב נישט באַוווּסטזיניק, איז, לכל הפּחות, אינסטינקטיוו; דער גאַנצער פּיין פון הונגער, קעלט און הילפלאָזיקייט, — אויסגעדריקט אין עטלעכע ווערטער, אַזוינע פּשוטע און אָן ליידנשאַפט. אַ פּשוטער פעסטשטעלן פון אַ פאַקט — אָן קלאָגן זיך, אָן טרערן... אַזוי ווי דאָס וואָלט גערעדט נישט קיין מענטש — און אפשר טאַקע קאָן נאָר אַזאַ קליינער, באַעוולהטער מענטש איינשליסן דעם ים פון ליידן אין איין קורצן זאַץ — איך בין אַליין — — — —

* * *

שיין איז די פיר־יאָריקע רייזעלע, מיט די שוואַרצע לייכטנדיקע אייגעלעך. די דאָקטאָרין פרעגט: „ווילסטו גיין אַהיים, רייזעלע?“ — „ניין“. — קורץ, אָפּגעהאַקט, דעצידירט.

אויף קראָכמאַלנע איז דאָ אַ צימערל אָן שויבן, אָן אַ טיר און אין דעם צימער — דריי קינדער. די צען־יאָריקע מאַשע איז שוין כמעט אַ גאַנצן יאָר צייט די איינציקע פאַרזאָרגערקע פון דער פיר־יאָריקער שוועסטערל און פונעם פופצן־יאָריקן, פאַראַליזירטן ברודערל. זי בעטלט אויף *דער* זייט און אויף *יענער* זייט טויער, צעשלאָגן, צעקאָפּעט, נישט איינמאָל על־פּי־נס זיך אַרויסגעדרייט פון אונטער די פיס פון דעם צעקאָכטן זשאַנדאַר, נישט איינמאָל אַראָפּגעפאַלן פון טויער — אָבער קיינמאָל קומט זי נישט אַהיים מיט ליידיקע הענט.

ווען ביידע מיידלעך זענען קראַנק געוואָרן אויף טיפוס, האָט מען די עלטערע צוגענומען אויף לעשנאָ, די ייִנגערע — אויף שליסקע. דער ייִנגל, געבליבן אַליין, איז אין צווישן־צייט געשטאָרבן. מאַשע, די צעניאָריקע מאַמע, רייסט זיך אַהיים. יאָ, אין שפּיטאָל איז גוט, אָבער וואָס וועט זיין, אויב די קליינע רייזעלע וועט זיך אומקערן אהיים? און רייזעלע, אויסגעבאָדן, זאַט, ליגט אין ווייסן בעטעלע, און זי וויל נישט צוריקגיין אַהיים. בעט די פלעגערין:

— רייזעלע, זינג עפּעס.

— מען טאָר נישט. די מאַמע לאָזט נישט.

— פאַרוואָס לאָזט זי נישט?

— ווייל די מאַמע שלאָפט.

— וואָס רעדסטו? די מאַמע שלאָפט נאָך אַלץ?

רייזעלע שאָקלט ערנסט מיטן קעפּעלע:

— די מאַמעשי שלאָפט אויף טיפוס.

— און דער טאַטע?

— טאַטעשי אויך טיפוס שלאָפט...

דאָס קינד פאַרטראָגט נישט דאָס וואָרט „געשטאָרבן". אָבער רייזעלע ווייסט אויסגעצייכנט, אז אנדערש שלאָפט אסתרקע אין שכנותדיקן בעטעלע, און אנדערש שלאָפט די מאַמע. אַז אסתרקע וועט זיך אויפוועקן, וועט זי וועלן אַ שטיקל ברויט און די מאַמע שוין קיינמאָל נישט — מאַמעשי שטענדיק טיפוס שלאָפן...

* * *

אַ קראַנקן־צימער, ווו עס הערשט שטילקייט... אויפן בעט, אונטער דער קאָלדרע, אַ מענטשן־געשטאַלט, ווי אַ צוזאַמענגעלייגט מעסערל. די קני — ביים קאָפּ. ער ציט אַרויף דעם קאָץ מיט אַן אויפטרייסלענדיקן פישטשען, אַ פּיש־טשען פון אַ האַלב דערשטיקט קעצל, ווען מען איז אָנגעטראָטן אויפן עק.

— „ס'איז קאַלט", — ציטערט ער.

אין וואַרעמען צימער — שטינקענדע פעליוכעס, פול מיט בלוט און אייטער. (דאָס קינד איז אַלט 12 יאָר).

— „פאַרוואָס האָסטו נישט גערופן?"

גאָרנישט, נאָר דאָס פאַרצווייפלטע פישטשען און אַ בליק, פאַר וועלכן דער דערוואַקסענער מענטש איילט זיך אָפּצווענדן זיינע אויגן...

פון בעט צו בעט — דאָס זעלבע. טשערוואָנקע (און אפשר הונגער־דיזענ־טעריע), וועלכע מען קאָן נישט היילן, ווייל דעם קינד — נאָכן איינגעמען ריציני־אייל, זייענדיק אויף א דיעטע פון קליי — געלינגט שטענדיק אָפּצונארן די פּלע־גערין און אריינכאַפּן בגנבה אַ שטיק שוואַרצע ברויט, אַבי זיך אָנעסן.

ווייטער — אַ קינד צי נישט קיין קינד? אַ דערוואַקסענער מענטש מיט אַ פּולן, אָנגעגאָסענעם פּנים, אַ טעמפּן בליק פון אונטער די געשוואָלענע ברעמען. אונטער דער קאָלדרע — אַ ווייס־געלע מאַסע פון אויפגעבלאָזענעם לייב, אַ בויך פון אַ טראָגנדיקער פרוי, צוויי פיס קלעצער, אויף וועלכע עס פּלאַצט די אָנגעצויגענע הויט, בילדנדיק טיפע, אייטערנדיקע געשווילעכצן; און הענט — קליינע, דאַרע, ברוינע, קינדערישע הענטלעך, ווי יענע, וואָס די מאַמע קושט אַזוי אָפט, לייגנדיק דאָס קינד אין בעטל. די זעלבע, אייביק לעבעדיקע, אומרואיקע, באַוועגלעכע קינדערישע הענטלעך, וועלכע מוזן אַלץ אָנרירן, אַלץ אויספאָרשן, קאַליע מאַכן.

„ווי פילסטו זיך?“

— „בעסער — אָבער מאַכט מיר מער נישט קיין איינשפּריצונגען. איך דאַרף עס נישט האָבן, מיר טוען אַזוי אויך ווי די הענט. בעסער גיט מיר אַ שטיקל ברויט, דאָס איז מער ווי אַן איינשפּריצונג, און דאָס ווילט איר נישט געבן“.

* * *

אויפן בעט גייט אויס, אָן אַ וואָרט, אָן אַ קרעכץ, מיטן שטילן שפּיטאָלטויט, אַ באַשעפעניש מיט אַ פּנים פון אַ זקן — אויך אַ קינד. ס'איז געקומען אין שפּיטאָל געשוואָלן. דאָס געשווילעכץ איז אָפּגעטרעטן — פון אונטער דער מאַסע אויפגעבלאָזענער הויט האָט זיך אויסגעשיילט אַ סקעלעט. הענט און פיס, ווי שלעכט צוזאַמענגעשרויפטע שטעקעלעך. אויפן צעקנייטשטן פּנים לעבן נאָך און עפענען זיך ברייט פאַנאַנדער די אויגן, דאָס געשווילעכץ איז אָפּגעפאַלן — אָבער דאָס קינד גייט אויס. אפשר מאָרגן, און אפשר באַלד, נאָך אַ רגע, וועט עס זיך אויסלעשן, ווי אַ ליכט, וואָס האָט זיך אויסגעברענט. ווייל די דאָזיקע קינדער שטאַרבן טאַקע אַזוי. אָן דעם פּאַטאָס פון טויט, אָן טרערן פון די ארומיקע, אָן קלאָגן זיך, אָן אַ קרעכץ. זיי שלאָפן פּשוט איין, און עמעץ, אַ דאָקטאָר צי אַ פלעגערין, גייט צו צום בעטל — און שמעלט פעסט דעם טויט.

* * *

עס פרעגט דער 15־יעריקער משה:

„צי גייט ווער אַרויס פון דאַנען אַ לעבעדיקער?“

דאָס איז די אָפּטיילונג פון שווינדזוכט. טראַגישע קינדער־שווינדזוכט. אַן אָרט, וווּ קינדער בלייבן לאַנגע חדשים, אָפּגעצוימט פון דער שוידערלעכער ווירקלעכקייט פון דער גאַס און וווּ זיי פירן זיך אויף ביזן סוף נישט ווי קיין קינדער.

— אָ, ניין — אָבער זוי מענטשן. ווייל עס איז דאָך נישט קיין קינד, משה, וועלכער שפּילט פידל, משה, מיט די שוואַרצע, פאַרחלומטע אויגן, און עס איז נישט

קיין קינד די שיינע שׂרה, וועלכע לייענט ערנסטע ביכער און רעדט וועגן לעבן. ווי זשע קאָן מען זיין אַ קינד? ווען מען האָט 12—13—15 יאָר און מען ווייסט, אַז מען מוז שטאַרבן, כאָטש עס ווילט זיך אַזוי לעבן — און מען ווייסט, אַז ווען עס וואָלט נישט געווען די מלחמה, ווען מען וואָלט געקאָנט אַ סך עסן און אַרויספאָרן אין דאָרף, וואָלט געווען אַ האָפענונג געזונט צו ווערן. אָבער ס'איז אַ מלחמה — און מיט אַ פאַטאַליזם פון אַ דערוואַקסענעם נעמט אויף דאָס קינד דאָס אומפאַרמיידלעכע — און נאָר אַ מאָל — צייטנווייז — אַ ביטערע פראַגע:

„צי גייט ווער אַרויס פון דאַנען אַ לעבעדיקער?“.

* * *

די קליינע ריוושע, ווייסער פאַרן לײלעך אויף וועלכן זי ליגט, בעט זיך:

„אפשר וואָלט איך געקאָנט באַקומען עפּעס קרעלן, אָנצוציען אויף אַ פאָדעם? ווייל מיר טוט אַזוי וויי. ס'איז מיר אַזוי שלעכט. ווען איך האָב עפּעס אַן אַרבעט, וואָלט איך אפשר פאַרגעסן מיינע ליידן“.

כ'דערמאָן זיך: מיט אַ האַלב יאָר צוריק, ווען ס'איז נאָך נישט געווען אַזוי האָפענונגסלאָז, האָבן די שווינדזיכטיקע קינדער איינגעאָרדנט אַ פאָרשטעלונג. די אַכט-יעריקע ריוושע, אַ בלאָנדע מיידעלע, מיט שיינע פיסעלעך און הענטלעך, האָט געטאַנצט דעם טאַנץ פון אַ זומער-פייגעלע. אויסגעפּוצט אין אַ לייכט קליידעלע, אַ סך קאָלירטע סטענגעס, האָט זי געטאַנצט אונטער די קלאַנגען פון אַ ליד וועגן אַ זומער-פייגעלע, וואָס האָט נישט געקאָנט פליען, ווייל די פליגעלעך זענען געווען צעבראָכן. אָרעם, קליין זומער-פייגעלע — אָט ליגסטו דאָ... וועסט שוין קיינמאָל נישט פליען, קליינע ריוושע, וואָס ביסט געווען אַזוי זאָרגלאָז ווי אַ שמעטערלינג, וואָס דו האָסט אַזוי ליב געהאַט זיך צו פּוצן אין קאָלירטע בענדלעך. ביזט היינט אַזוי בלאַס — און דאַן האָסטו זיך באַפאַרבט די בעקלעך, עס האָבן געגלאַנצט דיינע אייגעלעך און ביסט געווען שיכור פון פרייד — די לעצטע פרייד אין דיין קורצן לעבן פון אַ דערמאָרדעטן זומער-פייגעלע.

* * *

ס'איז אָוונט. פאַרן טויער פון שפּיטאָל זיצט אַ קינד. דאָס קינד איז היינט אויסגעשריבן געוואָרן פון שפּיטאָל. דאָס קינד בעט נישט קיין ברויט, עס זאָגט נאָר:

„נעמט מיך צוריק אין שפּיטאָל“.

ס'איז אָוונט. מיט הונדערטער בלינדע פּענצטער שרייט אין דער פינצטערניש פון דער גאַס די קינדערישע פּיין. דאָס פאַרפייניקטע, פאַרמאַטערטע קינד

פֿון יידישער נויט גייט אויס אין בלוט פּאָר פֿרעמדע זינד. דאָס שפּיטאָל, אַן אָרט, וווּ די פֿאַרהעצטע חיה דרייט זיך צונויף אין אַ קנויל, כּדי אומצוקומען. ווי — אין שפּיטאָל קומען די קינדער שוין נישט, כּדי צו באַקומען דאָ הילף און געראַטעוועט צו ווערן, נישט כּדי אומצוקערן זיך פֿון דאַנען אַ היים, צום לעבן, זיי קומען אַהער נאָכן לעצטן חסד: דעם חסד פֿון אַ שטילן טויט.

וואַרשע, געטאָ, העצעמבער 1941.

(רינגעלבלום-אַרכיוו, ערשטער טייל, צייטשריפֿט „בּיולעטין" נ' 14)

## יוסף קירמאַן

# כ'רעד צו דיר אָפֿן, מיין קינד

### קורצינקע פּאָעמעס אין געווײנלעכער פּראָזע

### (שטימונגען, בילדער, טרוימען אין געטאָ)

ט ו י ב ן  א ו י ף  ד ר אָ ט ן.

...מיין קינד, ס'איז פֿראָסט געווען היינט, און אַ בייזער ווינט האָט געטרייסלט מענטשן און ערד. דיין טאַטע האָט אַ מידער געשלעפּט זיך אויף גאַסן, געזוכט זיך אַ ל יי ן נעבן די מויערן און מענטשן אין גאַנג...

אָנגעשטאָט זיך, האָט ער געפֿונען דראָטן, שטעכיקע דראָטן, וואָס צעשניידן אויף שטיקער — אַ גאַס. אויף דער און יענער זייט גאַס האָבן מענטשן געוואַנ־דערט אַהין און צוריק. דלות און הונגער האָט געטריבן זיי אַהערצו, — איבער דראָטענע צוימען זעט מען דאָך אַלץ! געשפּאַנט האָבן מענער און פֿרויען, ייִדן פֿון דער זייט מיט שאַנד־בענדער אויף די אָרעמס, שקאָצים און שיקסעס אויף יענער זייט גאַס. זעקלעך מיט ברייטלעך [ברענגען די][1] שקוצים. יינגלעך פֿון דער זייט כאַפּן זיי אויף. פּאָליציסטן מיט שטעקנס שלאָגן אין הינטן און קאָפּ, און גומענע שטעקנס שלאָגן אין היטן און קאָפּען אַ קינד. ס'קינד האָט געוואָיעט [און גע][2] לאָזן זיך שלאָגן, און דייטשע סאָלדאַטן האָבן געפּלאַצט פֿאַר געלעכטער, ווען געוועוועט האָט ס'קינד. אַ יידיש מיידל געזונגען האָט אַ לידל, געבעטן, געהלשט: — „מיך הונ־גערט, ס'קאַלט!" פּאָליציסטן צעטרייבן, און סאָלדאַטן זיי שמייכלען. די נעכּפּע בלויז וואַרפֿט זיי, ווען שקאָצים וואַרפֿן זעקלעך — ווען ס'קייקלען זיך ברייטלעך, געוואָרפֿן דורך צוים...

---

[1] דאָס אָרט איז פֿאַרווישט אינעם אָריגינאַל. די ווערטער אַרויסגעשטעלט דורך דער רעדאַקציע.

[2] ווי אויבן.

עס שפּאַנען מענער אַהין און צוריק.

דיין טאַטע איז געשטאַנען און געקוקט אויף די דראָטן, פלוצים אַ סטאַדע פון טויבן זיך נידערט. דער ווינט האָט געיאָגט זיי פונעם בלוילעכן ערגעץ אין רוים, זעצן זיך טויבן אויף דראָטן און שטום האָרט זיי וואָרקן. געפילט האָב איך דעם צער פון זייער אומעט און נויט, געהערט דעם געוויין פון זייערע שטילינקע הערצער, פאַרשטאַנען די פּיין פון דער געפרוירענער טויב.

און דאָך, מיין קינד, דער מענטש איז אַ נישט־פאַרגינער! ער האָט מיטלייד אין האַרצן און קנאה אין אויג. טויבן האָבן פליגלען און ווען זיי ווילן, איז — אוף! זיי פליען, כאָטשבי אויף דראָטן, אָדער אויף באַלקאָנען אין גאַס...

דיין טאַטע, מיין קינד, איז געשטאַנען און געחלומט, און אַ פּאָליציסט האָט אים אַ זעץ געטאָן מיט אַ פּאַלקע אין קאָפּ. פאַרשעמט האָט ער גענומען זיך רוקן שוין פאַרוועגטס און די לעצטע נאָך בליקן געוואָלט שענקען דער טויב. מיין קינד, דיין טאַטע האָט געזען עפּעס אימהדיקס:

עס זיצן נאָך אַלץ טויבן אויף שטעכיקע דראָטן, נאָר זיי... עסן זיך קרישקעלער פון... סאָלדאַטישע הענט!.....

* * *

מיין קינד, דיין טאַטן איז געוואָרן אומעטיק און ער טרויערט נאָך איצט: נישט איבער די טויבן, וואָס פרירן אויף דראָטן, און נישט, וואָס ער קאָן נישט פליען, ווייל ער וויל אַזוי ווי זיי. דיין טאַטע האָט שוין איצט אויך פיינט די טויבן און ער [וואָרנט] דיך: מייד זיי אויס, כל־זמן די אומשולד לאָזט זיך קאָרמענען פון מערדערישע הענט...

## בריקן, וואָס צעשיידן

ס'האָט דער אומעט זיך צעלייגט אַזוי ברייט אינעם האַרצן, און כ'קען אים פון דאָרט נישט פאַריאָגן, מיין טייערע, איינציקער זון. צי וואָס האָב איך געפּאָלגט דיך און געקלעטערט אויף בריקן — אויף בריקן, וואָס אָנשטאָט פאַראייניקן, צעשיידן זיי נאָך מער מענטשן פון זיך?

דיך האָט געטריבן די נייגיר, און רק איך זאָל דיך פירן אויף דער הילצערנער בריק [1] און אַ קינד ווי דו ביסט נאָך, האָסט געמוטשעט מיט פראַגעס:

— וויפיל שטאָק האָט די בריק?

[1] דעם גרויסן און דעם קלייַנעם געטאָ אין וואַרשע האָט פאַרבונדן אַ הילצערנע בריק, וואָס נאָר דורך אים האָבן די ייִדן געמעגט אַריבערגיין פון איין געטאָ אינעם צווייטן — רעד.

— ווי הויך איז צום הימל פון דער בריק?
— צי מעג מען אראָפּקוקן אויך אונטן? — — —

איך בין געלאָפן אַלץ שנעלער און געשלעפּט דיך נאָך זיך. דו האָסט שיר נישט צעוויינט זיך פון עגמת־נפש, אַזוי געלאָפן בין איך שנעל פון דער בריק. ווען האָסט געפרעגט מיך, צי כ'האָב מורא, די בריק זאָל זיך נישט ברעכן, האָב איך מיך אָנגעכאַפּט אין דעריין, ווי אַ טרינקענדיקער אָן אַ שטרוי:

— יאָ, מיין קינד, קום שנעלער. זי קען איינפאַלן, זי דאַרף איינפאַלן די בריק... אצינד, מיין קינד, זענען מיר שוין ווידער אונטן, און כ'שעם זיך, נאָר כ'מוז שוין דיר אויסזאָגן דעם סוד:

— דיין מאַמע האָט אַזעלכע מאָדנע, משוגענע איינפאַלן. וויפל מאָל ער קלע־טערט אַרויף און אַראָפּ פון דער בריק, בעט ער ביי גאָט, זי זאָל איינפאַלן און ברעכן הענט און פיס, די גאַנצע זייערע הילצערנע בריק!

אפשר דערפאַר, וואָס אונטן שטייען סאָלדאַטן אין קאַסקעס און שמייכלען אַרויף צו די מאַלפּעס, וואָס קריכן אויף דער בריק...

אפשר, ווייל אויף דער בריק איז אַזוי שמוציק, און עס קלעבט זיך די בלאָטע אַזש צו די קנעכלען פון די פיס... אפשר אויך צוליב דעם, וואָס אויף דער בריק גייען בלויז יידן און זי ווימלט פון שאַנד־לעכטעס, ווי פון תכריכים — זייער בריק!

געזאָגט דיר, מיין קינד, אַז אַזוי איז עס, און מעגסט עס געדענקען, טייע־רער, ליכטיקער זון:

שלעפּ מיך נישט אויף קיין בריקן, וואָס וועלן מוזן אַמאָל איינפאַלן. נאָך ביי מיין לעבן וועל איך דיר ווייזן, ווי עס קראַכט און עס ווערט אונטערגע־האַקט זייער פאַרשאָלטענע בריק!

און דו, מיין קינד, ווען דו וועסט זיין גרעסער און עלטער, וועסטו נאָך קלעטערן אויף בריקן, וווּ מענטשן, ווי אָדלערס, וועלן זיך שפּילן אין בלענדנדיקער זון!

## הינטער וואַרשע ברענט...

מיין קינד, ווען די שטאָלענע פייגל האָבן געהאָגלט מיט טויט, זענען מיר געלאָפן אַלע צוזאַמען איבער וועלדער. געציטערט האָבן מיר פאַר שרעק. גע־דענקסט, ווי שרעקלעך דאָס איז געווען, ווען דער וואַלד האָט געברענט נעבן די טראַקטן, ווי מיר האָבן געשפּאַנט אַלע איינייעם אָן האָפענונג, אָן גלויבן צו דער־גיין שוין צום ציל?

איצט איז עס אַנדערש... קום, קום אַרויס אויף דער גאַס, כאַטש דער פראָסט שניידט די אויערן, און ס'איז שפּעטער אָוונט, מיין טייערער, ליכטיקער

זון. כ'וועל דיר ווייזן אַ שׂרפֿה, וואָס פֿלאַקערט אין וואַרשע. כ'ווייס נישט ווו, כ'ווייס נישט צוליב וועמען. אפֿשר די פֿליער פֿון רוסישע פֿעלדער, אפֿשר די פֿייגל פֿון יענער זייט קאַנאַל; אפֿשר באַהאַלטענע הענט פֿון „היימישע" צינדער,[1] אפֿשר דאָס און אפֿשר יענץ... אָבער זע, ווי דער הימל ער רויטלט זיך, ווי שיין ס'איז די רויטקייט אין דער שנייאיקער שטאָט; ס'איז אָוונט און ס'איז ליכטיק. און דאָרט, ווו די ווייסל איז פֿאַרפֿרוירן אין אייז, טראָגן זיך הויך, און נאָך העכער, און באַלד שוין און הימל אַריין אַזוי הויך: ריזיקע צינגער פֿון פֿייער און רויך. ווו נאָר מיר זיך קערן און ווענדן, אומעטום וועלן מיר זען די ליכטיקע ווייטן אין פֿלאַם. ס'שמעקט מיט שוועבל, מיין קינד, מיט גליענדיקער היץ, כאָטש דער פֿראָסט איז אַזוי שטאַרק, כאָטש דער שניי ליגט אַזוי געדיכט אויף די דעכער און ווענט.

ווי שיין עס איז, מיין קינד, דער אָוונט אין ווינטער, עפּעס גרויסעס און אומ[באַוווּ]סטעס דאָרט ווען נעבן דער ווייסל ברענט.

דו באַדויערסט, מיין קינד, אַז דו קענסט נישט לעשן? אַז דו ביסט נישט קיין פּוילישער פֿייער-לעשער מיטן טראָמפּייטל: טו—טו—טו!!!

גיי שוין גיי, נאַריש קינד! וועסט נאָך זיין פֿייער-לעשער אויך. נאָר נאָך נישט, נאָך נישט, מיין קינד, ס'איז נאָך צו פֿרי צו פֿאַרלעשן די שׂרפֿות! זאָל ברענען, זאָל ברענען נאָך, מיין קינד.

קומט, קינדער, לאָמיר גיין אין קאַראַהאָד, לאָמיר צופּאַטשן מיט די הענט-לעך: טראַ—לאַ—לאַ, טראַ—לאַ—לאַ!

אַ שאָד, וואָס דאָס פֿייער ווערט קלענער... מען פֿרעגט מיך אין גאַס:

— וואָס האָט עס געברענט, רב ייד, אפֿשר ווייסט איר? וואָס?

— די רשעות, די רשעות האָט געברענט, אַזוי מיין איך...

— טאַקע? — פֿאַרשטייט שוין די פֿרוי...

## ס'וועט זיין ווי אין טרוים...

מיין זון! זאָלסט נישט באַדויערן, אַז דו ביסט געווען מיט מיר אויף גיזקע און דזשיקע, אויף סמאַווקי און מילע, מיין קינד.

מיין זון, זאָלסט נישט באַדויערן, אַז דו ווייסט איצט: ס'שאַדט נישט, אַז דו קוקסט אויף דער זון אַצינד, און אַז ס'פּערלט אין דיינע אויגן זיך אַ טרער!

וואָרעם וועסט זען, מיין קינד, וועסט זען: דאָרט, ווו עס קלאָגט איצט דער אומעט אין שטובן; ווו עס טאַנצט דער מלאך-המוות זיין שיכורן טאַנץ; ווו מענטשן, ווי שמאַטעס פֿון האָפֿענונג נאָך, ליגן ביי אַלטע פֿאַרוויכערטע פֿינצטערע

[1] פֿון די פּאַרטיזאַנער — רעד.

ווענט; ווי זקנים עס פוילן אין טויערן, אויף ברוקן, פאַרדעקט מיט אַ צייטונג, מיט אַ פּשוטן שטיין; ווי קינדער זיך טרייסלען און שעפּטשן: „איך חלש“, אָדער ווי שטשורעס זיי גריזשען די הייפן פול מיסט; ווי העגט פון מידע פרויען, ווי שנירן זיך ציען, אין טרוקענעם דאַרן שווינדזוכט־געבעט; ווי פראָסט און מגפות עס לעשן די אויגן, וואָס זעען אין נסיסה אַ דאַר שטיקל ברויט, —

דאָרט, מיין טייער, ליכטיק קינד,
וועט זיין —
ווען ס'וועט קומען —
יענער גרויסער —
יענער גרעסטער —
און לעצטער, סאַמע לעצטער שיין טאָג — — — —

וואַרשע, געטאָ, פעברואַר־מערץ 1942.

(רינגעלבלום־אַרכיוו, ערשטער טייל, צייטשריפט „יוגנט־שטימע“, נ' 2/3).

## יוסף קירמאַן

# פון פליטים־שטעטל — דזשיקע און ניסקע

ווי צוויי לייבלעכע שוועסטער זענען זיי גלייך צו זיך — ביידע געסלעך: די דזשיקע און ניסקע.

אייגע אַקעגן דער אַנדערער האָבן זיי זיך צעלייגט און באַזעצט: ביידע מיט ברייט־פּלייציקע און גראָב־בייכיקע צוואַקסענע טויערן — פון יוסטע יידישע און גוישע בעלי־גופים געבוים...

ביי אַ ברייטן, פּירעקיקן פּלאַץ, אַן איבערבלייבעניש פון דער יידישער „וואָ־לוווקע“, מיט רויטע ציגל־שטיקער — גאַנצע און צעבראָכענע — באַשפּרענקלט און באַשפּריצט און מיט כלערליי שמייגער באַזייט... לויפן זיך ביידע געסלעך צונויף: זיי שטעלן זיך אָפּ אַ וויל, די ביידע גאַסן, קריכן האַמעטנע און שווער־לייביק די צוואָרפענע „כותל־מערבים“ אַריבער, שטעקן זיך אָפּ אַן אומגע־לומפּערטן רבישן „שלום“ און צעלויפן זיך ווידער יעטוועדע אין איר זייט.

ליגט נישט מער איבער די געסלעך און הייזער דער אַמאָליקער שטאָלץ־גלאַנץ, און פון די באַבייכלטע באַלעבאַטים און זייערע שווער־לייביקע און באַ־גווידערטע יידענעס איז דערווייל קיין זכר נישטאָ.

פאַרלאָזן שטייען נאָך שטובן מיט אויסגעזעצטע שויבן, פענצטער=לעכער
און טירן, ווי עלנדע יתומים פאַרבליבן; חורבות ליגן און חורבות סטערטשען,
ווי מצבות פינצטערע און שווערע אויף פאַרשאָטענע מענטשן=פּגרים — ווי עדות
אויף ציַיטן, וואָס זענען געווען.

פייער=צונגען, מיט מעפיסטאָ=שמייכל אין די צעעפנטע פּיסקעס האָבן דאַ=
מאָלס שרפהדיק געבושעוועט און תאַווהדיק אויסגעלעקט און צעפרעסן פון
צענדליקער הייזער און הונדערטער שטובן, וואָס נאָך עס איז געווען: וויַיכע קי=
שנס און פּוכיק=וואַרעמע געלעגערס, קינדערשע שפּילציַיג מיט אַלט=באַלעבאַטישע
קרעדענסן; טישן, בענק, שיסלען און טעלער — האָבן מיט געבראַזג זיך גע=
שאָטן, ווי אַ הילכיק טיוולאָניש געלעכטער... און די פייער=צונגען פאַרכליניע=
טערהייט האָבן געשלונגען און פאַרצוקט מיט חיהשן אַפּעטיט יעדנס האָב און
גוטס, דאָס לעצטע פאַרמעגן, און אָדם=נאַקעט, מיט חוזק=שאָדן געלאָזן יעדנס
הויז=געביין.

שטייען נאָך עטלעכע אַזעלכע נאַקעטע סקעלעטן=הייזער מיט אויפגעדעקטע
און צעדריוולטע לייבער, מיט די צעשפּאַרטע עחוהם אין דרויסן — ווי זיי וואָלטן
יעדע חרפּה און בושה פאַרלוירן — און קוקן זונהש מיט פאַררייסענער פרעכ=
קייט און טעמפּער אַרויסרופערישקייט אַזוי יעדן, יעדן פאַרבייגייער מיט פאַר=
שטאָכענע, אויסגעשרפהטע בלינדע אויגן...

* * *

סטאַוויקער און דזשיקער גאַנץ=געבליבענע הייזער האָבן היינט נייע איינוווי=
נער. אַלע שלאַכן, אַלע וועגן האָבן געדירט אַהער: צעפּראַלט זענען געשטאַנען
טיר און טויער, צעעפנט אַלע שלאַכן, אַלע וועגן האָבן געפירט אַהער: צעפּראַלט
זענען געשטאַנען טיר און טויער, צעעפנט ווי שפּייכלער אין פרי=האַרבסטיקער
ציַיט...

האָבן לאַנגע קאַראַוואַנען פון פויערים=פורלער זיך געשלעפּט איבער בלאָ=
טיקע וועגן צעווייקטע און פאַרשנייטע, ווי ציגיַינער=משפּחות — מיט קינדער,
קראַנקע, זקנים און מיט האַק און פּאַק באַלאָדן, ווי נייע וואַנדער=שבטים אויף
אַ נייעם מדבר=וועג...

זענען אָנגעפאָרן יידן פון מאַזאָווער קאַנט, פון קויאַווער געגנט און פון
אַרויסגעריסענער, לאַנג איינגעזעסענער שוואַרץ=דאָרפישער ערד; זענען געקומען
בזשעזשינער שנייַדער=ייִנגען און לאָדזשער וועבער=געזעלן; געוועזענע רייכע סוח=
רים און שטענדיק אָרעמע קרעמער, גאַסן=הענדלער און גאַסן=הענדלערקעס, בעקער=
אַרבעטער, געזונטע טרעגער=יונגען און האָרעפּאַשניקעס מיט מאַזאָלעדיקע הענט;
זענען געקומען באַלמעלאָכעס, זאָקן=מאַכער פון אַלעקסאַנדער נעבן לאָדזש, טאָג=

דעטניקעס פֿון באַלוט, אָזאָרקאָוו — און פֿון וועלכן יידישן איינגעפֿונדעוועטן שטעטל נישט?...

שלאָגט מען זיך דאָרט פֿאַר יעדן ווינקל הײַנט, פֿאַר יעטוועדעס צוגעטיילט פּיצל אָרט; וויינען צעשראָקענע קינדער, כליפּען זקנים — פֿאַלן קלעפּ אויף קינדער-קעפּלעך פֿון טאַטעס צעכעסטע — אַכזריותדיק צעשלאָגענע און פֿון שונאים הענט צעבײַלטע; קנוילן זיך פֿויסטן, הויבן זיך פֿויסטן — שיטן זיך קלעפּ פֿון ברודער אויף ברודער, פֿליען קישנס, בראָזגען כלים, וואַרפֿט זיך מענטש אויף מענטש...

זענען די הײַזער איבערפֿולט שוין, די שטובן — שמוציקע שטײַגן, און די נעכטיקע געוועזענע מענטשן — אין חיות פֿאַרוואַנדלט.

* * *

יעדן באַגינען, ווען דער טאָג הייבט אָן גרויען, און אויפֿן הימל אַ כּישוף-האַנט דעם לעצטן שטערן לעשט און אַ ליכטיק לאָדן-שפּעלטל עפֿנט — כראָקען אויס אַ צענדליק דזשיקע- און סטאַווקע-הײַזער אַ גרין-בלוי-רויט-גרויע טראַנטעס-מאַסע און באַשפּײַט מיט זיי „וואַרשעס" פֿריש אויפֿגעוואַכטע גאַסן...

צעפּראַלט זיך אַ טויער פֿון דזשיקע 3, עפֿענען זיך טיר און פֿענצטער פֿון הויז 9/7, לויפֿט אַ לעבעדיק-פֿאַרביקער בעטלער-פֿילם-באַנד פֿונעם געוועזענעם „פּראָמיען"-קינאָ און פֿליסט אין וואַרשעווער געטאָ-גאַסן אַרײַן; קומען צו פֿאַרסאָפּעטע די פּליטים פֿון הויז נומער 19, פֿאַלן ווי פֿאַרשפּעטיקטע אין דעם אימה-צוג אַרײַן סטאַווקי 9 און 15, פֿאַרפֿלייצן מיט נאַכט-ווייטיק און אויפֿגייענדיקע טאָג-יסורים אַלע וועגן, אַלע שטעגן און לויפֿן דעם אויפֿגעוואַכטן טאָג אַנטקעגן...

זענען חולי-נופֿלים געבליבן אין די הײַזער-בלאָקן-פּונקטן, קראַנקע אויף גאָטס באַראָט געלאָזן, קינדער באַנעצטע אויף צואה-געלעגערס, זקנים אין גסיסה-געכאָרכל. און אַ קינפּעטאָרין, וואָס האָט אין מיטן נאַכט גענומען קרעכצן — האָט אַ צאַפּלדיק נפֿשל אויף אַ יונגס ברודיקע הענט מיט פּחדים-געשרייען אָפּגעגעבן...

שלעפּן פֿינקערטס פֿערד-געשפּאַנטע וועגן די פֿרישע מתים פֿון פֿאַרלאָזטע שטובן אַרויס, שלײַדערן זיי אין די קאַסטנס, ווי נבֿלות און געפּגרטע הינט — און ציילן דערבײַ גראָב-יונגעריש וויפֿל „דרייער-גילדנס" עס וועט פֿון דעם עסק זײַן.

באַוויינט נישט קיינער די מענטשן-שמאַטעס, באַגלייט נישט קיין נאָענטער, קיין קינד — דעם טאַטנס אָדער מאַמענס געביין, ווײַל אויסגעטריקנט פֿון טרערן איז יעטוועדנס אויגן, און טעמפּ אויף פֿרעמדער און אייגענער בראָך איז שוין יעדנס געפֿיל.

זאַמלען זיך הונגעריקע מענטשן־וועלף אין לאַנגע רייען, וואַרטן שוין פון באַגינען אויף וואַסער־זופּקעס, איינגעקנוילטע אין הויפֿנס מיט קללות און געשרייען, קוקן אויפֿן מזל־פֿענצטערל, וואָס דאַרף זיך ערשט עפֿענען צום האַלבן טאָג — מיט טעפּ, טעפּלער, שיסלען געלעכערטע און פֿאַרזשאַווערטע און מיט נאַכט־כּלים באַוואָפֿנט... קרימען זיך מיילער, קרימען זיך לייבער — פּרעגלען אויף זון זיך די אָפּגעדעקטע און אייטערדיקע מכּות, לויזן זיך האַלב־נאַקעטע מענער און כּמעט נאַקעטע ווייבער און קינדער, די נעכטן געוועזענע מענטשן — און הייַנטיקע שלעפּער.

טראָגט אַ ווילד ריטשעריי־געזאַנג זיך איבער וואַרשעווער גאַסן, איבער הויפֿן, איבער שטיגן — גרייכט אין פֿענצטער, פֿאַרקריכט אין פֿאַרמאַכטע אויף „טויזנט שלעסער" גבירישע שטובן; שרייט אויף קולי־קולות דער איכה־ניגון, לויפֿט ווי אַ שטורעם, רייסט זיך ווי אַ בייזער וויכער — הערן עס נישט אַלע, פֿאַרטראָגן עס נישט אַלע: אַ ש ט י ק ע ל ע ב ר ו י ט, אַ פּ י צ ע ל ע ב ר ו י ט!...

בעט אַ פֿרוי — אַ קרישקעלע... וויינט אַ קינד — ל י ב ע מ ע נ ט ש ן, רופֿט און דונערט אַ מענערשער בת־קול: ע ס ה ו נ ג ע ר ט מ י ך!...

ליגן מאַמעס מיט פֿאַרחושכטע פּנימער אויף טראָטואַרן און אין רינשטאָקן — איבער וואַרשעס באַלעבאַטע גאַסן — צעלייגט, מיט פּיצלעך עופֿהלעך צו אויסגעדאַרטע ברוסטן צוגעשפּאַרט, טאַטעס — נעכטיקע האָרעפּאַשניקעס — מיט אָפּגעדעקטע געשוואָלענע פֿיס און לייבער, קינדער מיט אייטערדיקע וווּנדן אויף קרעציקע און נישט געוואַשענע לייבער, ווי אין אַן אויסשטעל־פֿענצטער — יעדער מיט זיין סחורה, ווי אויף אַ יריד צעלייגט... און הענט מזל־ברכהדיקע, געוואַשענע הענט, ווי אָפּגעדאַרטע גלידער — צום בעטלען זענען איצטער אויסגעשטרעקט...

קוקט נישט קיינער, זעט נישט קיינער — און אפֿשר, אויף טויזנטער, זעט שוין יאָ איינער...

שלעפּט זיך יעדן פֿאַרנאַכט די זון אַ פֿאַררויטלטע — פֿון בושה, פֿאַרשטייט זיך — איבער די וואַרשעווער גאַסן צו דער דזשיקע צוריק, קריכט איבער „יענע־זייט־פֿאַרקאַנעס" ווי אַ פֿאַרדעכטיקע נקבֿה — ביז זי שפּרינגט מיט אַ קונץ־שטיק איבער דער דזשיקע און סטאַווקי אַריבער.

פֿאַלן דאַמאָלס אַ פּאָר קאַרגע און בידנע קופּערנע זונען־שטראַלן אויף דער סטאַווקי און וואָלעווער פּלעצל, גלעטן עטלעכע אָפּגעשיילטע הייזער־פֿאַסאַדן פֿון דער דזשיקע, פֿאַרקריכן אין אַן אָפֿענעם פֿענצטער, לעקן אַרום אַ פּאָר אַש־גרויע קישנס און פֿעד־שוואַרצע ליילעכער, וואָס לופֿטערן זיך אויף באַלקאָנען — אַזוי יעדן טאָג כּסדר...

פֿאַרקריכט אַ שטראַל מיט אַ ממזריש אייגל אין אַ טונקעלן שטוב־ווינקל; זוכט, נישטערט און ניוכעט אַרום יעדן חפֿץ און צעבראָכענעם שאַרבן — ביז ער

שמאַרעט זיך נישט אויס דאָס קופּערנע פּנים אין אַ פאַרפּאַפּטשקעט השתּגה=
טעפּל...

שלעפּן זיך די איינוווינער פון סטאַווקי און דזשיקע פון אַ שווערן וואַנדער=
טאָג צוריק — זאַטע פון וואַרשעס גאַסן= און הויף=זינגערס ניגונים, פידל=שפּילער=
וואלסן — מיט טאָרבעס ליידיקע, און הענט און פיס נאָכמער פאַרשוואָלענע,
פאַלן זיי מידע, נאָך אַ טאָג אַ שווערן, אויף דעם פּלעצלס האַרטער ערד, שפּאַרן
אָן די מידע קעפּ אויף די צעשאָטענע רויטע ציגל און אייז=קאַלטע שטיינער.

ווערט פוכיק ווייך די ערד: יעדער קאַלטער שטיין און האַרטער ציגל — אַ
קישן אונטער יעטוועדנס אָנגעשפּאַרטן קאָפּ. חלומען הונגעריקע מענטשן=ווערעם
פון אַ זאַטן טאָג, פון אַ דאַרן פּענעץ ברויט — פון אַ הינטישער בודע אויף אַוועק=
צולייגן דעם צעבראָכענעם גוף און טויט=שווערן לייב.

שלאָפן איין די נייע וועלט=וואָגלער מיט אַ שווערן פיבער=חלום, גייען אויס
אויפן פּלעצלס ווייסע שטיינער, ווי אין אַ „יעקב=זיסן" חלום...

קומען מענטשן, פרומע מענטשן, גאָט=פאָרכטיקע און ציטערדיקע — דעקן
אין קאַלטן באַגינען=שיין די טויט=פאַרשטייפטע מתים=גופים מיט ווייסע פּאַפּיר=
בויגן איין; לייגן רויטע ציגל=שטיקער די בר=מינגנס צוקאָפּנס און אַרום די זייטן,
ווי נשמה=ליכט — להבדיל... שעפּטשען דערביי אַ תּפילה שטיל, בעטן מחילה
פאַר זיך, פאַר אייגן ווייב און קינד, פאַר ווייטע און נאָענטע און פאַר גאַנץ וואַר=
שע ווען...

וואַרשע, יולי, 1941.

(רינגעלבלום-אַרכיוו, ערשטער טייל).

## יוסף קירמאַן

# פרוי קראַשעוויטשעס טויט

אריבערגעבויגן איבערן קינדס וויגל שטייט זי שעהן=לאַנג און שטופּט אים,
דעם איין=יאָריקן הערשעלע — אין ברייט=צעעפנט מיילעכל — אַ דאַר אויסגע=
צויגן זעקל פון אַמאָל געוועזענער ווייבערשער ברוסט. שרייט דאָס נפשל אויף
זיין קינדיש לשון, וואַרפט זיך און טרייסלט מיטן קעפּל אויף טויזנט מאָל ניין
און ניין, פויסטלט מיט געביילטע פויסטן און דראָט מיט רציחה דער אייגענער
מאַמען.

אָט אַזוי טרעפסטו איר שטענדיק — הערשעלעס מאַמען — אַריינקומענ=
דיק אין פונקט מ. 32, וווּ ניין משפחות פון ראַטשאָנזש דער שטאָט האָט נאָך
וואָגלגישן זיך דאָ באַזעצט.

דער פּונקט — א געווען „מקום־קדוש“, האָט נאָך פון זיינע אמאָליקע „היי־ליקייטן“ גאָרנישט אָנגעוווירן: די זעלבע פייכטע און טונקעלע ווענט, שוואַרצע פּאָדלאָגע און פּעק מיט צעדריוולטע און אין אומאָרדענונג געלאָזענע ספרים און שמות.

עפענט די טיר, שלאָגט אַ פוילער ריח. דער בייכיקער „אָרון־קודש“ פאַר־נעמט אַ האַלבע טיר און שטערט דעם אַריינגאַנג: אַ שיסל, אַ טיש, פּריטשן, דאָס קינדערשע וויגל און נ—ם שוסטער־וואַרשטאַט פאַרפילן דעם רעשט צימער, אַזוי אַז עס בלייבט נישט מער קיין פּיצעלע אָרט פאַר די אַכט און צוואַנציק נפשות אויף זיצן, שטיין, אָדער גאָר זיך אַוועקלייגן.

ראָיעט דאָרט שטענדיק ווי אין א קעסל.

נ—ם פרוי, די דעלעגאַטקע פון פּונקט, האַלט פון ריינקייט — פרוי קראַשעוויטש נישט; טוט זיך חושך, ווייל אַלע ווייבער און קינדער וואַרפן די שולד אויף קראַשעוויטש.

שטייט זי איינע אַקעגן אַלע און פאַרגלעט פאַר דער דאָקטאָרקע און שוועסטער אירע שווערע זינד!

— אַז פייכט איז דער שענניק און צעפוילט איז דאָס שטרוי, דאָס ווייסע אויבערבעט איז פון לאַנג שוין פאַרקויפט, קיין באַרשט איז אויפן פּונקט פון וואָכן שוין נישטאָ — שיט זיך די שעטשקע, וואָס קאָן מען טון?

— בלינד איז שוין מיין קינד, דער רוקן־ביין איז ביי אים פאַרווייכט — קיין טראָפּן מילך און אַ קאַפּעטשקע מאַנגע האָט עס שוין טעג נישט פאַרזוכט — היינט וואָס האָבן זיך אַלע אָנגעזעצט אויף מיר?...

— און פאַרוואָס פישט ער גאַנצע טעג אין שענניק? — קאָן זיך מער נישט איינהאַלטן דער געוועזענער סעדער.

וויינט יעצט קראַשעוויטש מיט ביטערע טרערן, באַוויינט אירע אַכט און צוואַנציק פאַרשניטענע יאָרן, דעם מאַן, וואָס איז אין מלחמה אַוועק און מער נישט צוריקגעקומען, און אירע שווינדזיכטיקע לונגען, וואָס זי האַלט אין אויס־שפּייען...

קראַשעוויטשעס משפּחה באַשטייט פון פיר פּערזאָן: זי, דאָס פּיצעלע קינד, א מיידעלע פון א יאָר דריי און אַן אלטע שוויגער פון א יאָר עטלעכע און זיבעציק.

הונגערן ניין משפּחות אויפן פּונקט אַלע צוגלייך, גריזשען זיך אַכט און צוואָנציק נפשות פאַר גאָרנישט און ווידער־נישט און פרעסן זיך איינער דעם צווייטן פון נישט־פאַרגינערישקייט.

* * *

גרוים איז היינט אויפן פּונקט.

דעם שוסטער נ., אַ טאַטע פון זעקס קינדער, און ט., דעם שניידער, האָבן יידישע פּאָליציי־לייט אין אַ „כאַפּ־נאַכט“ פאַר עטלעכע „יודאַש־מטבעות“ —

אויפֿן אָרט פֿון אַנדערע — אין אַרבעטס־לאַגער אַוועקגעגעבן; הערשעלעס ווי־גלע איז אויפֿן פּונקט מער נישטאָ, ווייל ער האָט זיך מיט דער וועלט געזעגנט; דער שניידער ל. האָט צוזאַמענגענומען זיינע פֿיר קראַנקע נפֿשות, דעם אייגענעם דלות אין זיינע לעכערדיקע פּאָלעס פֿאַרבונדן און מיט אַ פֿאַרשטיקטן נישט־דער־זאָגטן „גוטן־טאָג“, מיט אַ גרויסער קלאָג, ווי נאָך אַן אייגענער לוויה, פֿון שטוב אַרויס... און דער פּופּצן־יאָריקער שייגעץ איז אַ באַמזלטער מיט אַ פּאָר אַמע־ריקאַנער גרויסע שיך און קאָלירט אַרבעט־העמד אין דער ברייטער וועלט פּרנסה זוכן אַוועק.

קראַשעווישעס מוטער לעבט נישט מער. דעם מסחר מיט רעטעכער און צוגעפֿוילטע ציבעלעס האָט זי נאָך אַ שטיק צייט פֿאַר איר טויט איינגעפּאַקט. — „סי נישט מעגלעך געווען צו האַנדלען, אַזוי פֿאַרקאָנקורירט איז די סחורה גע־וואָרן“, — פֿלעגט זי זאָגן.

פֿאַרגייט אין קעלט, קרענק און הונגער די פֿרוי קראַשעוויטש מיט איר איין און איינציק נאָך געבליבן קינד. זי האָט שוין עטלעכע מאָל געבעטן הילף ביים הויז־קאָמיטעט און איינצלנע שכנים פֿון הויף.

מענהט דער הויז־קאָמיטעט, אַז קודם־כּל מוז ער פֿאַרזאָרגן די אייגענע שכנים — און ערשט שפּעטער זאָרגן פֿאַר פֿרעמדע אָרעמע לייט.

גייען אויס פֿון הונגער די אייגענע שכנים פֿון הויז־קאָמיטעטס באַקומענע „קעסט“, און עס שטאַרבן די פֿרעמדע פּליטים פֿון נישט באַקומענער הילף.

* * *

היינט האָט פֿרוי קראַשעוויטש באַקומען צוגעשיקט אַ מעלדונג פֿון רעוויר. זי ווערט געבעטן קומען אָננעמען פֿאַר זיך אַ צוגעטיילט מיטאָג אין אַ פּריוואַטער שטוב, וואָס איז איר דורך אַ נס צוגעפֿאַלן פֿון דער זאַמל־אַקציע „זופּן און ברויט“ פֿאַר הונגעריקע פּליטים.

שטייט דער שליח פֿון רעוויר אין טונקעלן האַלב־אויסגעליידיקטן פּליטים־פּונקט און פֿרעגט זיך אויף פֿרוי קראַשעוויטש. ענטפֿערט אים נישט די פֿאַרבי־טערטע נאָר־וואָס פֿאַרבליבענע אַלמנה ג., וואָס זיצט איינגעהויקערט, פֿאַרמרה־שחורהט אויף איין און דעמזעלבן אָרט שוין דריי וואָכן „שבֿעה“ כּסדר. נאָר די קליינע פֿייגעלע ווייזט אָן אויף אַ טונקל איינגעדעקטע פּריטשע.

— די מאַמעלע? — אָ דאָ ליגט די מאַמע. נעכטן איז זי געשטאָרבן...

וואַרשע, געטאָ, 1941.

(רינגעלבלום-אַרכיוו, ערשטער טייל, נ' 426).

## אַנאָנימער מחבר

# קינדער אויפֿן ברוק

זייערע פּיסלעך זעען אויס ווי דרייקאַנטיקע פּאַרמעטענע שט[עקעלעך],[1] עס פֿעלט זיי די פּאַרונדיקייט, די קיילעכדיקע פֿאָרם פֿון דעם לי[יב, וואָס] קומט פֿון עסן צו דער זעט; די געלענקען זענען בולטע, שפּיציקע קין־באַקן, ווי דער קאָפּ־שאַרבן, זייערע בייכלעך זענען איינגעפֿאַלענע, אויגעלעך אויסגעלאָשן און וואַסער־דיק.

ווען מען קוקט אויף זיי, דוכט זיך, אַז מען שטייט פֿאַר מומ[יעס], זיי באַוועגן זיך נאָך און פּרעפּלען עפּעס מיט די בלויע ליפּן, [און] הייזעריקע קולות האָבן נאָר באַשעפֿעניש, וואָס ליידן פֿון אָפּצע[רונג].

מענטשן האָבן נישט ליב צו קוקן אויף אַזעלכע ברואים, [און אוודאי נישט] צו זיי צו רעדן, זיי זאָלן דיר נישט דיכאָווישנע אַריינהוסטן אין [מויל] אַריין. מען קערט זיך פֿון זיי אָפּ, ווי פֿון טויטע זקנים, פֿון וועלכע [ס'פּילט] זיך דער ריח פֿון פֿרוכנע. זיי זענען מענטשלעכע באַשעפֿענישן פֿ[ון מיטן] וועג פֿון האַלב דאָ און האַלב דאָרט, פֿון וואַנען מען קומט שוין [נישט] צוריק, און פֿון יענע וויל מען זיין אָפּגעשייט...

ווען אַ יידענע גייט פֿאַרביי די דאָזיקע קינדער און דערזעט [זייער] פֿלאַטער־דיק זיין פֿון מיטן־וועגס, גיט איר אַ שלאָג אין האַרצן און [אין קאָפּ:] אוי נישט פֿאַר אירע קינדער געדאַכט, און זי וויל באַשירמט ווערן, [אַריינ]שטעקנדיק אין דעם הויט־און־ביינערדיקן הענטל אַ פּאָר גראָשן, אָבער [זי] כאַפּט גיך צו איר האַנט, ווי אַן אָפּגעבריטע.

אין דרויסן איז גרוי און פֿייכט. עס טראָגן זיך די ריחות פֿון פֿייכטע דירות, טונקעלע קעלערס מיט אויסגעוואַקסענע קאַרטאָפֿל. די קינדער, וואָס בעטלען דאָ

---

[1] די אותיות און ווערטער אין די קוואַדראַט־קלאַמערן זענען צוגעגעבן דורך דער רעדאַקציע. אין טעקסט זענען זיי אָפּגעריבן.

אין די ראָגעס, זענען געווינט איינצוזעטעמען די [דאָזיקע] פּייכטע לופט. עס אַרט זיי נישט שטאַרק די קעלט, און די באָרוועסע פיס ווערן צומאָל פון ווינט נישט רויט, נישט בלוי, זיי זענען פאַרמעט — ווי זייערע פּנימלעך, ווי די טויטע הענטלעך, אָבער זייערע כוחות ע.......[2] פּאַרס, און ווען אין די גאָוועמבער־נעכט גיט אַ שלאָג א פּרעסטל, ג[עפינט] מען זיי אין דער פרי טויטע, נישט אין קיין אָנגעטועגעם טויט, נישט אין זייערע אָפּגעריסענע מלבושימלעך, אין וועלכע זיי האָבן חדשים־לאַנג...... נאָר אין א נאַקעטן טויט... בייגאַכט צי פאַרטאָגס האָט מען פון זיי אַראָפּגעצויגן די אָרעמע נעבעכדיקע שמאַטעס, בכדי זיי צו פאַרקויפן אויף א שטיקל ברויט אויפן שאַכער־מאַרק, אויף דער וואָלוווקע, און זיי ליגן אין גאַס מיטן נאַקעטן טויט אַזוי לאַנג, ביז עס איז זיך נישט עמעץ [מרחם] און קויפט אַ בויגן פּראָסט פּאַק־פּאַפּיר צו פאַרדעקן זייערע טויטע [גופימלעך], עס זאָל נישט אַזוי רייסן די געהירן פון די דורכגייער.

צומאָרגנס גייט א שניי, און ס׳בלאָזט א שניידיקער ווינט, אָבער [דאָס] אָרט פון טויטן קינד איז נישט ליידיק; אויפן אייגענעם אָרט זיצט אן אנדערס, אַ ייִנגערס, צי אן עלטערס, עס האָט נאָך קוראַזש, עס האָט תופס געווען די בעטל־לערע, עס זאָגט דיר דעם בעטל־שפּרוך [ווי] אשרי:

— „האַרציקע יידן, האָט׳ץ מיטלייד מיט מיאָר, מיאָך הינגעט!... אוי איך האָב שוין באלד קיין כוח נישט צו שטיין אויף די פיס. לאָזט נישט רייסן דאָס האַרץ!“...

דאָס קינד מאַכט אַזעלכע אלטע העוויות, שאָקלט אזוי מיושבדיק מיטן קאָפּ, ווי אייגער זאָגט: אוי, יידן, יידן, מיינט נישט, אַז ס׳וועט אייביק זיין גיט, אוי — דאָס ריידל דרייט זיך, יאָך זוג ענק — יאָך האָב שוין עפּיס געזייען א וועלט — דער מענטש קען גאָרנישט זיין זיכער — [הייגט] האָסטו א מעסער מיט א ברויט, און מאָרגן — שטאַרבסטו פאַר גויט...

[די] דערוואקסענע פאַרדריסן עפּעס די דאָזיקע מוסר־רייד פון קינד: זיי... דאָ, זיי לערנען אונדז גאָר שכל... אָבער אינעם אמת פון די רייד [צוויי]פלט מען נישט און אין דער עכטקייט פון געבעט אויך נישט. אלא וואָס [דען]? דער פּאַרדרוס איז געגוג אויף צו נעמען זיך די געלעגנהייט צו [קענ]ען גיין ווייטער, נישט ארויסנעמענדיק דאָס פינפערל פון טאש...

א ייד מיט א פרום פּנים גיט זיך אן אנדער עצה: ער גייט צו דער צוקערלעך־פּאַרקויפערין און קויפט פיר, צי זעקס, צי אכט צוקערלעך און באַצאָלט א פּאָר גראָשן. נאָכדעם גייט ער צו צו יעדן בעטלדיקן ייִנגל און שטעקט אים אַריין אַ צוקערל. אי ס׳איז ביליקער, אי ער האָט געטון זיינס, און שוין פּטור. צדקה

[2] די פיל פונקטעלעך באַטייטן, אַז דער טעקסט איז נישט ליינעוודיק — רעד.

האָט ער געגעבן? יאָ צי ניין? געגעבן, געגעבן, ענטפערט אים דער יצר־טוב, הלוואי וואָלטן אלע נאָר אזוי געטון...

יעצט גייט ער שוין אדורך אין אלע גאסן בארואיקט און הערט נישט מער דאָס קרעכצן פון די קינדער, וואָס זיצן דאָרט: ער האָט דאָך שוין יוצא געווען... זאָלן יעצט אנדערע געבן, זאָל געבן די גמינע, זי איז דאָך נישט קראנק צו געבן? ווייניק שלעפּט זי ארויס געלט ביים עולם?

די בעטלענדיקע קינדער הערן נישט דעם יידנס שמועס מיט זיין הארץ און האָבן צו אים אזעלכע הויכע תרעומות:

— ווי קאָן עס א ייד האָבן אזא שטיינערנע הארץ? ווי גייט מען עס אזוי דורך און גאָרנישט?

די ייִנגע בעטלער לערנען זיך נישט בלויז בעטלען, נאָר אויך זיין [מענטש]ן־קענער; זיי שפּירן, אַז צו אַזאַ פּרום פּנים פּאַסן זיך זייער או[ן זייער] זייערע רייד. ווער האָט דאָס זיי געזאָגט? מע ווייסט נישט. און ווער האָט געזאָגט דעם זויג־קינד, אַז ברוסטן האָבן מילך?

עס גייט אדורך א גויע און דאָס ייִנגל הויבט אָן צו בעטלען אויף פּויליש: „קאָכאַנאַ פּאַני, זליטוי שיען נאַדעמנאָן שיעראָטאָן"[3].

די גויע איז אָבער שוין געוווינט צום דאָזיקן פּזמון און ווען זי וועט שוין געבן אירע פּאָר גראָשן, וועט עס זיין פארנאַכט, נאָכן איינקויפן בגנבה אין געטאָ; דעמאָלט וועט זי אליין צוגיין צום יידישן ייִנגעלע און אים אריינשטעקן אין הענטל אַ גאַנצן גילדן, ער זאָל בעטן פאר איר דעם יידישן גאָט, אז דער דייטש זאָל זי נישט כאַפּן מיט דער סחורה, וואָס זי פירט ארויס אויף יענער זייט...

טיילמאָל גייט אדורך א דייטש, אָדער צוויי דייטשן. זיי שטעלן זיך אָפּ קוקן און באַטראַכטן טשעקאַווע די דאָזיקע בעטלער־קינדער, ווי מען קוקט אויף ייִנגע מאַלפּעלעך, זיי שמייכלען דערביי שפּאָטיש: זיי ווילן וויסן, צי דאָס יידן־געזינדל קען נאָך לאַנג אַזוי אָנטרייבן. מען זאָגט, אז זיי שטאַרבן צען טויזנט שטיק אַ חודש. „אה, דו, מאַקסל, עס איז פיל צו ווייניג. די יודען דא וועררען נאָך ניכט זאָ שנעל קראַפּירען"...

דאָס ייִנגל קוקט אויך אויף זיי און ער טראַכט:

— יעקע נאַר, זע נאָר ווי דאָס גלאַנצט מיט די אויגענעס, ער מיינט, אז ער איז שוין זיכער, ווארט נאָר, ווארט, טיפּוס גייט נישט צופוס... די כאָלערע קען אייך נאָך אויך כאַפּן.

וואַרשע, געטאָ, דעצעמבער 1941.

(רינגעלבלום-אַרכיוו, ערשטער טייל, צייטשריפט „אונדזער וועג" נ' 1/2).

---

[3] טייערע פרוי, דערבאַרעם זיך אויף מיר, דעם יתום — רעד.

לייב גאָלדין

# כראָניק פון איין מעת־לעת

„אַנדערש וואָלט מיין ליד געקלונגען
ווען כ'זאָל מעגן אַ ל צ ד י ג ג זינגען — “
(פאַראַפראַזע פון „מאָניש“)

— — — מידע, בלאַסע פינגער קלאַפּן־אויס אויף א זאַצמאַשין ערגעץ־ווו אין קראָקע:

— טיק־טאַק־טאַק, טיק־טאַק־טאַק־טאַק־טאַק: רוים. דער דוטשע האָט דער־קלערט... טאָקיאָ. די צייטונג „אסהי שימבון“...... טיק־טאַק־טיק־טיק־טיק־טיק: שטאָקהאָלם... טיק־טיק: וואַשינגטאָן, מיניסטער נאָקס האָט געמאָלדן.... טיק־טיק־טיק־טאַק־טאַק־טאַק־טיק־טיק־טיק־טיק.

און איך בין הונגעריק.

* * *

ס'איז פאַר 5. אין צימער, ביי דער טיר, שטייט גרייט צו דיינע דינסטן דער נייער טאָג. א שטיל ווינטעלע. א הינטל וויל זיך שפּילן מיט דיר — שפּרינגט דיר איבערן האלדז, איבערן לייב, הינטער די אויערן, לאַשטשעט זיך, וויל זיך רייצן, דווקא אַרויסקריגן צום שפּיל. נישט צונויפגעשפּילטער אָרקעסטער פון שלאָפנדיקע אָטעמס. הייבט איינער אָן, פאָרט גראָד אריין אינמיטן אַן אַנדערער, א קינדער־שער, און גלייך לויפט אָן א דריטער און אַ פערטער. די שמועסן אין שלאָף זענען שוין פארענדיקט, די טענות — אויסגעגלייכט. פון מאָל צו מאָל — א קרעכץ אינ־מיטן שלאָף. און ביי מיר אין מוח זעצט, און אויפן הארצן פילט זיך חלשות, און אין גומען איז טרוקן. כ'בין הונגעריק. עסן, עסן, עסן.

די לעצטע זופּ — נעכטן, 20 מינוט צו 1. די נאָענטסטע — היינט און דערזעלבער צייט. די גרעסטע העלפט שוין אריבערגעקומען. וויפיל פעלט? 8 שעה. כאָטש די לעצטע שעה פון 12 אָן איז נישט צו רעכענען. דעמאָלט ביסטו שוין אין קיך, ביסט שוין ארומגענומען פון די עסן־ריחות, גרייטסט זיך שוין. זעסט שוין די זופּ. אַזוי, אַז אייגנטלעך איז נאָר נאָך 7 שעה.

„נאָר" נאָך 7 שעה. נישטאָ ווער ס'זאָל לאַכן. 7 שעה — זאָגט ער, דער שוטה, אַז „נאָר". אַדרבה, ווי אַזוי קומט מען אַדורך די 7 שעה — ניין, די נאָענטסטע 2 שעה? לייענען? ס'גייט נישט אין קאָפּ אַריין. פונדעסטוועגן נעמסטו דאָס ביכל פון הינטערן קישן אפער. דייטש. ארטור שניצלער. פארלאג דער און דער. יאָר. דרוקעריי. „עוואַ האָט אַרייַנגעקוקט אין שפּיגל אַריין". מישסט איבער דאָס ערשטע בלעטל און כאַפּסט זיך, אז האָסט מער נישט פארשטאַנען, ווי דעם ערשטן זאַץ: „עווא האָט אריינגעקוקט אין שפּיגל אריין".

האלטסט שוין ביים סוף פונעם 2־טן זייטל. קיין איין וואָרט נישט פאַרשטאַנען. נעכטן איז געווען א שיטערע זופּ, און גענוג קאַלט. האָסט אריינגעשאָטן זאַלץ, איז עס ווייניק צעגאַנגען. און נעכטן איז געשטאָרבן פרידמאַן. פון הונגער. געוויס פון הונגער. מ'האָט געזען, אַז ער'ט לאַנג נישט אָנטרייבן. און מיר גריבלט אין מאָגן. אָט ווען וואָלסט געהאַט אַ צינד אַ פּערטעלע ברויט. פון די פּערטעלער, אַזאַ פּירקאַנטיק פּערטעלע, וואָס אין יעדן אויסשטעל־פענצטער, ביי יעדן טישל. עך, ברודער הארציקער! כאַפּסט זיך, האָסט פון זיסקייט זיך אונטערגעהויבן. עפּעס איז אויף זייטל 4 פון דער נאָוועלע דאָ א נאָמען: דיאָניזיא. פונוואַנען, וואָס וויל זי — ווייסטו נישט. אָט, אַ פּערטל ברויט. אָט, אַ טעלער זופּ. דאָ וואָלסטו עס געמאַכט אַנדערש. וואָלסט זי אָנגעוואַרעמט, געמאַכט ביז צום זידן. אַז אַ לעפל זאָל געדויערן כאָטש אַ 5 מינוט. אַז זאָלסט זיך פאַרשוויצן ביים עסן. אז זאָלסט אזש בלאָזן אויפן לעפל, אַז זאָלסט נישט קאָנען מיטאמאָל אראָפּשלינגען. אָט!

ס'איז אפשר נישט שיין אַזוי וועגן זיך צו קלערן, אַזוי — נאָר וועגן זיך און זיך. געדענקסט — אמאָל: טויזנטער מאָל געדרשנט: דאָס יאָרהונדערט פון דער מאַסע, פונעם כלל. דער איינציקער — גאָרנישט. פראַזן! נישט איך טראַכט אזוי, מיין מאָגן טראַכט. נישט ער טראַכט, נאָר ער שרייט, ער מאַכט דעם טויט! ער מאָנט, ער רייצט זיך מיט מיר. „אינטעליגענט"! וו ביסטו מיט דיינע טעאָריעס, מיט דיינע גייסטיקע אינטערעסן, מיט דיינע טרוימען, דיינע צילן? חכם פון דער מה־נשתנה! ענטפער! געדענקסט — יעדער ניואַנס, יעדער בייג אינעם גייסטיקן לעבן פלעגט דיך אמאָל... פארכאַפּן, אַזוי דיך איינגאַנצן נעמען. און איצט? און איצט!? וואָס שרייסטו אַזוי? ווייל איך וויל! ווייל איך, מאָגן דיינער, בין הונגעריק — ווייסטו שוין?

ווער רעדט עם מיט דיר אַזוי? ביסט, אַרקע, צוויי מענטשן. ס'אַ ליגן. אָן פּאָזע. מאַך זיך נישט אַזוי גרויס. אַזאַ צעטיילונג איז גוט געווען אמאָל, ווען מען איז

געווען זאט. דעמאָלט האָסטו געקאָנט זאָגן: 2 מענטשן [קע]מפן אין מיר — און נאָך מאַכן א דראמאטיש, מאַרטירעריש פּנים. יאָ, אין דער ליטעראטור טרעפסטו אַזוינס גאַנץ אָפט. אָבער היינט? דערציילן נישט קיין מעשיות — ס'איז דו און דיין מאָגן. ס'איז דיין מאָגן און דו. ס'איז 90% דיין מאָגן און א שטיקעלע דו. אַ קליין רעשטעלע, א נישטיק פּאלדעלע פונעם אַמאָליקן אַרקע. פון דעם, וואָס האָט אַמאָל געטראכט, געלייענט, געקעמפט, געטרוימט. פון דעם, וואָס האָט פון דער באשולדיקונגס־באַנק אַפער איראָניש געקוקט אַריבער דעם פּראָקוראָר אין די אויגן אריין, דעמאָנסטראַטיוו אים אַריינגעשמייכלט אין פּנים אריין. יאָ, מאָגן מיינער, הער אוים: אַזאַ אַרקע האָט אַמאָל עקזיסטירט. ער האָט אמאָל, אמאָל געלייענט א ראָמאַן, מיטגעליעבט מיט א זשאַן קריסטאָף,[1] באַוואונדערט אַן אַנעט,[2] מיטגעלאכט [מיט] אַ ברעניאָן[3]. יאָ, און אַפילו געווען א שטיקל צייט אַ האַנס קאַסטאָרפּ[4] פון איינעם אַ...... שרייבער, טאָמאַס מאַן.

— כ'פארשטיי נישט, הכם מיינער,..... געגעסן האָסטו נישט?

— יאָ, מאָגן, געגעסן, געווים געגעסן, אָבער נישט געוווסט, אַז געגעסן. נישט געטראכט, אז מען עסט. געדענקסט, ליבינקער, דעם ערשטן טאָג אין תפיסה? ביסט געזעסן אין דער איינצלקאַמער אזא בארוישטער, אַן אומעטיקער, נאָר־וואָס אַריינגעוואָרפענער, ווי אַן אלט שטיקל מלבוש אין א ספּיזשאַרקע. 2 טאָג נישט געהאַט געגעסן, אָבער נישט געפילט דעם מינדסטן הונגער. און, און מיטאַמאָל עפנט זיך דאָס יודאַש־פענצטערל אין דער טיר: גוטן אָוונט, אַרקע! האַלט זיך! „גרונט שיען ניע פּשעימאָוואַטש, דאָבזשע שיען אָדזשיוויאַטזש!“[5]. הער, ארקע, אין ווינקל, הינטער די קאלאָריפערן, ליגט ברויט מיט באָטשעק. דער עיקר עס, ברודער — המשך קומט מאָרגן אויפן שפּאַציר. געדענקסט?

און נעכטן איז געשטאָרבן פרידמאַן. פון הונגער. פון הונגער? ווען האָסט אים געזען א נאַקעטן, ווי מ'האָט אים אריינגעוואָרפן אינעם גרויסן, ריזיקן מאַסנגרוב אַריין (אַלע האָבן זיך פאַרהאַלטן די נעז מיט טיכלעך, נאָר [איך ניש]ט און זיין מוטער נישט), האָט ער געהאט א שניט אין האלדז. אפשר איז ער נישט [געשטאָרבן פון] הונגער — אפשר האָט ער זיך דאָס לעבן גענומען? ע, ניין. היינט נעמט מען זיך [נישט דאָס] לעבן. אויך זעלבסטמאָרד געהערט צו דער אמאָליקער גוטער צייט. אַמאָל, אַז מען פל[עגט ליב האָ]בן אַ מיידל, און זי דיך נישט, האָט מען זיך אריינגעיאָגט א קויל אין קאָפּ אָדער אויסגעטרונקען א באבלימט

---

[1] דער נאָמען פון העלד פון ראָמאַן ראָלאַנדס ראָמאַן זשאַן קריסטאָף — רעד.

[2] אַ העלדין פון ראָמאַן ראָלאַנס ראָמאַן — רעד.

[3] קאָליאַ ברעניאָן — ראָלאַנדס אַ העלד — רעד.

[4] דער העלד פון דעם ראָמאַן „דער צויבערבאַרג“ פון טאָמאַס מאַן — רעד.

[5] דער עיקר זיך נישט איבערנעמען, גוט זיך דערנערן — רעד.

טעפּעלע עסיק=עסעניץ. אַמאָל, אַז מען איז קראַנק געווען אויף שווינדזוכט, אויף גאַלשטיינער, אויף סיפיליס, פלעגט מען זיך אַראָפּוואַרפן פון אַ פערטן שטאָק אין אַ פאַרוואָרפענער גאַס און נאָך איבערלאָזן א סטיליזירט בריוועלע מיט א „באַשולדיקט=נישט=קיינעם“ און א מענטליק דער גאַנצער וועלט. פאַרוואָס הרגעט מען זיך איצטער נישט? די יסורים פון הונגער זענען דאָך שרעקלעכער, מערדערישער, דערווערגנדיקער ווי די אלע קרענק. נו, זעסטו, ווייל די אַלע קרענק זענען מענטשלעכע, אַ טייל מענטשלעכן=אוים אַפילו דעם קראַנקן. פאַראיידעלן אים. און הונגער איז א חיהשע, אַ ווילדע, א רוי=פּרימיטיווע — יאָ, א חיהשע זאך. ביסטו הונגעריק, אַזוי ווערסטו אוים מענטש, ווערסטו א חיה. און חיות ווייסן נישט פון קיין זעלבסטמאָרד.

— אוי=וואַ, אוצר מיינער, אַ וואַזשנע טעאָריע! טאָ וויפל האָבן מיר נאָך, חכם מיינער, ביז 12 אַזייגער?

— שאַ, שוין באלד 6. נאָך 6 שעה און קריגסט דיין זופּ. האָסט געזען, ווי מ'האָט נעכטן באַגראָבן? ווי מיסט — אַזוי שיט מען אַריין די טויטע אין גרוב אַריין. איבערגעדרייט דאָס קעסטל — און אַ צופּ אַריין געטון. די אַרומיקע קריגן דערביי אזא ווייסן עקל=אויסדרוק אויף די פּנימער, עפּעס ווי דער טויט וואָלט נקמה גענומען פאַר דעם נימב פון געהיימעניש. פאַר די פאַרשידענע זייטיקע, איבעריקע זאַכן, וואָס מ'האָט אים אָנגעבונדן — האָט ער איצטער, אויף צו=להכעים, אַראָפּגעלאָזט די הויזן, אַראָפּגעוואָרפן די תכריכים און נאַ, קוק מיך אָן, קוש מיר אָן א פולן הינטן. אַזוי ווי א פארצויגן קינד, וואָס די צערטלעכקייטן קריכן אים שוין פון האַלדז. און ווייסטו, ברודער מאָגן, ווי אזוי כ'האָב זיך קליינערהייט פאָרגעשטעלט טויט? כ'געדענק צו 4—5 יאָר, כ'בין געגאנגען אין א פאָרשול. מ'האָט געשפּילט פאָרטעפּיאַן, און מ'האָט זיך געהאלטן ביי די זייטן, און מ'האָט גערעדט העברעאיש. איז דעמאָלט, געדענק איך, אויפן זעלבן הויף געווען א לוויה. איך האָב נאָר געזען די עגלה ארייגפאָרן אין הויף און באלד דערנאָך געוואלטן און יללות. האָב איך זיך פאָרגעשטעלט, אַז דער ייד מיטן שווארצן כאלאט און דעם שטייפן קאַפּעלוש וויל עם שלעפּן א פרוי אין דער עגלה אריין, און זי וויל נישט און זי מאַכט עם טאַקע די קולות, און זי ווארפט זיך אויף דער ערד, און ער נעמט זי אָן ביי ביידע הענט, און זי זיצט און גליטשט זיך און שרייט. ווי געפעלט עם דיר, מעגעלע מיינס? ענטפערסט נישט, שלאָפסט? נו, שלאָף, שלאָף, וואָס לענגער. כאָטשבע ביז 12.

* * *

עסן, עסן. נישט פון מאָגן גייט עם איצט — פון גומען, פון די שלייפן. כאָטש אַ האַלב פערטל ברויט, כאָטש א שטיקל קאָרע, כאָטש א פארברענטס, א שווארצס, מיט קוילן. כ'כאַפּ מיך אַראָפּ פונעם געלעגער — א שעפּ וואַסער מאַכט בעסער,

ס׳פּאַרשלאָגט אויף א ווייל. ביים צוריקליייגן זיך פּאלסטו — די פּיס זענען אומגעלומפּערט, געשוואָלן. ס׳טוט ווי. אָבער קרעכצסט נישט. שוין א שיינע פּאָר חדשים, ווי האָסט זיך אָפּגעוויינט פון קרעכצן, אפילו ביי יסורים. אין אָנהייב מלחמה, ווען פלעגסט ליגן אין די נעכט אויפן געלעגער און ארומטראכטן די גאַנצע זאַך, אָדער גאָר איינדערפרי, ווען פלעגסט דארפן אויפשטיין, פלעגט זיך דיר גאַנץ אָפּט ארויסרייסן אַ קרעכץ. איצט איז עס אוים. ווי אַן אויטאָמאַט גייט עס איצט צו. אָדער אפשר — ווידעראמאָל ווי א חיה? קאָן זיין.

שטאַרבן? זאָל זיין. אַלץ בעסער, ווי הונגערן. אלץ בעסער, ווי זיך מאַטערן. אָט, ווען מען קאָן אריטמעטיש אויסרעכענען, ווען מען קאָן אויסציען די קאָפּעטעס. אָט די פרוי פון דעם הויף, פון נומער 37, וואָס איז געשטאָרבן, האָט געהונגערט 6 וואָכן. יאָ, אָבער זי האָט גאָרנישט געגעסן, קיין זופּ א טאָג אויך נישט. און איך עס דאָך זופּן. מען קאָן זיך אזוי אָפּמאַטערן יאָרן — און אפשר שוין מאָרגן געבן די באָנע[6]. ווער קאָן וויסן!

כ׳כאַפּ זיך, אז כ׳האלט נאָך אַלץ דאָס ביכל. זייטל 7, לאָמיר עס אוועקלייגן. כ׳בלעטער עס אדורך. ערגעץ אויף א זייטל כאַפּט דאָס אויג א וואָרט: „וואָננע“. תענוג. א שאַרפע, גרויסארטיקע עראָטישע סצענע. א פּאָר בלעטלעך פריער האָבן זיי געגעסן אין אַ רעסטאָראַן. שניצלער[7] גיט דיר דעם מעניו. ניין, ניין, נישט לייענען. ס׳ווערט דיר מאָדנע ביטער אין מויל, אין קאָפּ פאַרדרייט זיך. ס׳באַשלאָגט דיך אַ היץ. נישט לייענען ווי אזוי מען עסט. אָט אזוי, ווי אַלטע לייט היפּערן איבער סעקסועלע באשרייבונגען. ווי שפּעט איז? האַלב 7. אוי, ווי פרי ס׳איז נאָך!

... און פונדעסטוועגן איז מעגלעך, כ׳זאָל שוין מאָרגן, אָדער אפשר גאָר היינט אַוועקגעבן די באָנע. אַ האַרץ איז אַ גנב, מען קאָן קיינמאָל גאָרנישט וויסן. ס׳קאָן גאָר זיין, אז אָט ליג איך איצט צום לעצטן מאָל, און צום לעצטן מאָל פיל איך זיך אזוי שווערפעליק. אַזוי פּאַמעלעכדיק אָנטון. און צום לעצטן מאָל דערלאַנגען א [צעטל] אויף זופּ און נעמען אויף מאָרגן א פרישס. און דער קאסירער, און די קעלנערין, און דער וואָזשנע ביי דער טיר — זיי אַלע וועלן מיך גלייכגילטיק אָנקוקן, ווי אלע טאָג, און [וועל]ן גאָרנישט, גאָרנישט וויסן, אז מאָרגן וועל איך מער נישט קומען, און נישט איבערמאָרגן און נישט איבער־איבערמאָרגן. אָבער א י ך וועל וויסן, און איך וועל זיך מיט מיין סוד פילן שטאָלץ אנטקעגן זיי. און אפשר אין א פּאָר חדשים ארום, אָדער גאָר נ אָ ך דער מלחמה, אז מען וועט מאַכן א סטאטיסטיק פון די געשטאָרבענע עסער, וועל איך אויך דאָרטן זיין, און אפשר וועט זיך אַ קעלנערין אָפּרופן צו א צווייטער:

---

[6] דאָס הייסט: שטאַרבן — רעד.

[7] אַרטור שניצלער — אַ באַקאַנטער עסטרייכישער באַוועלעטריסט, פון אָפּשטאַם אַ ייד — רעד.

— ווייסט, זאָשע, ווער ס'איז אויך געשטאָרבן? אָט דער שאַטינער, דער, וואָס האָט דווקא אַלעמאָל גערעדט יידיש און וואָס איך האָב זיך מיט אים אמאָל אָפּגערייצט א שעה צייט און פאר א שטראָף אים נישט דערלאנגט די זופּ. [ער איז] אויך אריין אין קעסטל, רעכן איך.

און זאָשע וועט פארשטייט זיך, נ י ש ט [וויסן], נאָך דאָס זאָל זי געדענקען! — און דו וועסט שוין דעמאָלט האָבן אזא הויכן, הויכן........ אפשר וועט „ער זיך שוין האָבן אויסגעגאָסן, ווי פּרעכטיק ס'באשרייבט עס טאַמאַס מאַן אין „צויבערבארג".

כ'דערמאָן זיך זיינע גערדאנקען..., וואָס ער האָט דאָרטן געבערענגט. נאָך קיינמאָל איז מיר זייער געניאַלע אמתדיקייט [נישט] אַרויסגעקומען אַזוי בולט, ווי אַצינד. צייט — און צייט. אָט ציט זי זיך, ווי גומע, און אָט.... נישט, ווי א חלום, ווי רויך. איצט, פארשטייט זיך, ציט זי זיך שרעקלעך, שרעקלעך, ממש צו דערהרגענען. די מלחמה איז שוין קנאַפּע 2 יאָר, בלויז פון זופּן לעבסטו ערשט זינט וואָסערע 4 חדשים, און אָט די עטלעכע חדשים זענען דיר טויזנט, טויזנטער מאָל לענגער, ווי די גאַנצע פריערדיקע 20 חדשים — ניין, ווי דיין גאַנץ ביזאַהעריק לעבן. פון דער נעכטיקער זופּ ביז דער היינטיקער איז אן אייביקייט, און איך קאָן זיך נישט פאָרשטעלן, כ'זאָל קאָנען אויסהאַלטן נאָך אַזאַ קנאַפּן מעת־לעת אין אזא וואָרגנדיקן הונגער. און פונדעסטוועגן זענען אויך די 4 חדשים נישט מער, ווי אַ פינצטערער, ווייסטער קאָשמאַר. לאָמיך פּרווון עפּעס ארויסנעמען פון זיי, דערמאָנען זיך עפּעס באזונדערעס — נישט מעגלעך. איין שוואַרצע, פינצטערע מאַסע. כ'געדענק, אין תפיסה, אין דער איינצלקאַמער. טעג, ווי פעך. יעדער טאָג, ווי א פרישער כאַמעט אויפן האלדז. אין די אָוונטן, ווען געלעגן אין דער פינצטער, געמאַכט א סך־הכל פונעם אַוועקגעגאנגענעם טאָג, פלעגט זיך מיר קוים גלויבן, אַז ערשט היינט בין איך געווען אין באָד — ס'פלעגט זיך אויסווייזן, אז כאָטש מיט א פיר־פינף טעג צוריק. מוראדיק לאנג האָבן זיך געצויגן די טעג. און פונדעסטוועגן, ווי נאָר כ'האָב איבערגעטרעטן דאָס טויער פון דער זייט גאַס, זענען אַלע טעג זיך צונויפגעלאָפן ווי אַ סטאַיע הינט אויף אַ געיעג. שוואַרצע הינט. שוואַרצע טעג. איין שוואַרצער קאָשמאַר, ווי איין שוואַרצע שעה.

ביים תפיסה־טויער האָבן דעמאָלט געוואַרט חברים — כ'געדענק נישט אַלע. אָבער יאַנעקן געדענק איך. יאָ, יאַנעק. ווי כ'האָב עס אזוי איינגעאָגצן אָן אים פארגעסן. אָט נישט לאנג, פאַראַיאָרן, האָב איך אים באגעגנט. א האַלב־נאַקעטער, אַן אויסגעריסענער, האָט ער עפּעס געמייסטרעוועט ביי דער גאַז־רער אין אן אויפגעריסענעם הויז אינמיטן דער מאַרשאַלקאָווסקע גאַס. ער האָט מיך צוגערופן. אָט אַזוי ווי גאָרנישט, ווי ס'וואָלט גאָרנישט אדורך קיין 12 יאָר זינט אונדזער לעצטער באַגעגעניש, האָט ער מיך גלייך געפרעגט: — ווייסט עפּעס? — „ניין. און דו?" — אויך נישט. אָבער ס'איז גוט. — דערנאָך איז צוגעקומען דער אויפ־

זעער, און איך בין אַוועק. איז אפשר, אפשר אָנשרייבן צו יאַנעקן? שרייבן אים: הער, ברודער. מיר גייט שלעכט. שיק מיר עפּעס. אלזאָ, שרייבן? יאָ, אדרבה שרייבן נאָך אָפענער: ווען דו קאָנסט מיר באַזאָרגן אַ פּערטל ברויט יעדן טאָג — אָט, אַ פּערטעלע ברויט. — יאָ, אַז כ'וועל זיך אָנטון, וועל איך אים אָנשרייבן. ס'וועט אפילו זיין שווער מיטן אריבערשיקן ס'בריוועלע. אָבער זאָל זיין אָנגע־שריבן. — אַ פּערטעלע ברויט. און אַז וועסט נישט קאָנען, זאָל זיין אַ האַלב פּערטל.

ערגעץ אויף דער וועלט עסט מען, וויפל מען וויל. אין אַמעריקע זיצט איצט הערשל און עסט אָוונט־מאָלצייט — און ברויט ליגט אויפן טיש, און פּוטער, און צוקער, און אַ פּושקע קאָנסערוון. עס, הערשעלע, עס! עס, הערשל, עס אַ סך, זאָג איך דיר! לאָז נישט איבער די ברויט־שאָל — אַ שאָד. און די קרישקע פון טיש עס אויף! ס'איז געשמאַק, ווערסט זאַט — אמת, הערשל ליבינקער? — און ערגעץ אויף דער וועלט איז נאָך פאַראַן אַ זאַך, וואָס הייסט ליבע. מען קושט מייד־לעך. און מיידלעך קושן צוריק. און מען שפּאַצירט שעהן־לאַנג אין די גערטנער און אין די פּאַרקן און מען זיצט ביי אַ טייך, אַזאַ קילן, אונטער אַ ברייטן בוים און מען רעדט צו זיך אַזוי איידל, און מען לאַכט צו זיך, און מען קוקט זיך אַזוי פריינדלעך, אַזוי ליבנדיק און באַגעריק אין די אויגן. און מען טראַכט גאָרנישט וועגן עסן. מען איז אפשר הונגעריק, אָבער מען טראַכט נישט דערפון. און מען איז אייפערזיכטיק און מען ברוגזט זיך איינס אויפס אַנדערע — און ווידער נישט עסנדיק. און דאָס אַלץ איז דאָך אַזוי אמת, און דאָס אַלץ קומט פאָר אויף דער וועלט — אמת, ווייט פון דאַנען, אָבער ס'קומט דאָך פאָר, און מענטשן, אָט אַזעל־כע, ווי איך, זענען עס דאָרטן דאָ — —

„קראַנקע פאַנטאַזיעס! — מישט זיך אַריין דער מנוול, דער מאָגן, ער'ט זיך אויפגעכאַפּט, דער ציניקער. — פאַנטאַזיאָר מיינער! שטאָט צו זוכן אַ תכלית, ליגט ער און רעדט זיך איין אַ לונג־און־לעבער. נישטאָ קיין גוטע און קיין בייזע מענטשן, נישטאָ קיין אינטעליגענטע און פּראָסטע, קיין פאַרליבטע און גלייכ־גילטיקע. אויף דער גאַנצער וועלט — אַז מען איז הונגעריק, וויל מען עסן. און אגב — די גאַנצע מעשה הייבט זיך נישט אָן. פאַראַן נאָר גוטע פאַרזאָרגער פון זייערע מאָגנס, און פאַראַן שלים־מזלס, אַזוי ווי דו. קרעכצן קאָנסטו, אידיאָט איי־נער, אָבער אָנפילן מיך — ס'קדחת, ווי שפּעט איז?“

10 מינוט נאָך 8. נאָך פיר שעה. אַפילו נישט קיין גאַנצע, אָבער לאָמיר אַפילו אָננעמען, אַז גאַנצע, אויב ווינציקער, איז דאָך אַוודאי גוט. פּאַמעלעך צי איך אַרויף די הויזן. כ'טאַפּ שוין נישט די פיס. ביז נישט לאַנג — געטאַפּט. געמאָסטן מיט דער פויסט, ווי ווייט ס'דערגייט. איצט — שוין נישט. צו וואָס?

און פרידמאַן איז געשטאָרבן. דאָס [בינדן] די שגוראָוואַדלעם דערמאָנט מיר אָנעם באַמבלען פון די צענדליקער געשלעכט־אָרגאַנען דאָרטן, אינעם גרויסן שות־פותדיקן קבר. און אַרום זענען געשטאַנען יונגע מיידלעך, פאַרהאַלטן זיך די נעז

מיט טיכלעך און גלייכגילטיק געקוקט אויף די באַוואָקסענע אינדזלען. צו ווידער דערפֿאַר, ווייל חיות ווייסן נישט פֿון קיין חרפּה? יאָ, ווייזט אויס אַזוי, און פֿאַרן בית־עולם — קלעפּסידרעס פֿון גבירים, פֿון דאָקטוירים, פֿון „אַביוואַטעליעס“... ריקשעס שטייען אָן אַ שיעור און ס׳זאַמלט זיך אָן עולם, וואָס מען דערקענט גלייך— נישט קיין אָרעמעלייט. שטאַרבן, הייסט עס, אויך אַזעלכע, וואָס האָבן יאָ צו עסן. איז שטאַרבט מען נישט בלויז פֿון הונגער. ס׳ווערט גלייך דער חשבון. זאָלן זיי אויך וויסן.

— זאָג נאָר, חבר, הייבסט שוין אָן דיינע מעשיות? שוין צייט, כ׳לעבן, צו גיין. אפשר וועט היינט די זופּ זיין פֿריער. ריר זיך, טייערער מיינער!

...אין דער יונגהאַרבסטיקער [לופֿט] און היץ פֿאַרלויפֿט די גאַס מיט שוויס און מתים־געררוך פּונקט ווי פֿאַרן טהרה־שטיבל אויפֿן בית־עולם. ברויט, ברויט אויף יעדן טריט. ס׳איז דער זעלבער פּרייז וואָס [נעכטן. ס׳כאַפּט] דיך אָן אַ חשק צוגיין צו אַ שטעל, אויסטאַפּן, אויסקנייפּן די פֿרישע ראַזוווקעס, [זע]טיקן די שפּיצן פֿינגער מיטן ווייכן, ברוין־אויסגעבאַקענעם טייג. ניין, גלייכער [נישט. ס׳וועט] נאָר פֿאַרשטאַרקן דעם אַפּעטיט און מער גאָרנישט. ניין, ניין — פּונקט אַזוי ווי [דו] האָסט נישט געוואָלט לייענען, וואָס די פֿאַרליבטע האָבן געגעסן אינעם רעס־טאָראַן אויף דער שטילער ווינער גאַס. און איקרע איז ביליקער. קעז — דער זעל־בער פּרייז. ס׳איז צוגעקומען סמעטענע — נאָר טייער. אוגערקעס זענען געפֿאַלן, און ציבעלעס האַלטן זיך פֿעסט. אָבער זיי זענען היינט גרעסערע, ווי נעכטן.

פּרייזלעכע, לעבנסלוסטיקע פּאָמידאָרן לאַכן דיר אַנטקעגן, לאָזן דיך גריסן: אויספֿלוגן אין די בערג, רוקזעק, קורצע הויזן, אויפֿגעשפּילעטע העמדער, ווילד, פֿריידיק, ערדיש־גליקלעך געזאַנג אין חלל אַריין. ווען, ווו? פֿאַר 2 יאָר, סך־הכל פֿאַר צוויי יאָרן. ברוינע פּנימער, שוואַרצע הענט און שוואַרצע פֿיס. און פּולמוילע־דיק געלעכטער, און ריטשקעלעך קוואַל־וואַסער אומגעריכטע, און בוטערשניטן מיט געצוקערטער טיי, און די אַרבל — פֿריי, אָן לענטעס, אָן „יודע“.

ברויט, ברויט, ברויט. ראַזאָווקע, שיטקוווקע, ווייסע שיטקע, העלע שיטקע, טונקעלע שיטקע, וואַלצוווקע, לוקסוסן, בעקנברויט. ברויט, ברויט. די שפּע בלענדט דיר די אויגן. אין די פֿענצטער, אויף די שטעלן, אויף די הענט, אין די קוישן. כ׳וועל עס נישט אויסהאַלטן, טאָמער כאַפּ איך נישט איצט אַ לחמא אין פּיסק אַריין. אַ כאַפּ טון? — דיך וועט מען נישט חושד זיין — זאָגט ער, דער מערדער מיינער. — מע וועט דיך צולאָזן נאָענט, מע וועט עס דיר אַפֿילו געבן אין דער האַנט אַריין. מע וועט דיר געטרויען. מען דערקענט, ביסט נישט פֿון די כאַפּערס.— „לאָז אָפּ, האַרציקער, האָסט פֿאַרגעסן, אַז כ׳קאָן נישט לויפֿן. הע, אַצינד ביסטו דער חכם, האַ?“

— ביסט אַ דרערדליגער, שפּייזער מיינער. — ענטפֿערט ער. — נאַ, גיב אַ קוק, ווי ס׳זעען־אויס אַט די 2, וואָס לעגיטימירן זיך איצט ביי דער וואַך. קוק אָן

די פֿאַרבן פֿון די פּנימער. זיי האָבן שוין היינט געגעסן, מעגסט זיכער זיין, און וועלן אַוודאי באַלד ווידער עסן... נאָר גיב אַ קוק דאָרט — מען וואַרט אויפֿן אויטאָ. וואָלסטו געווען אַ לייט, וואָלסטו געווען געזאָרגט פֿאַר מיר פֿריער און געגעסן, ווי אַ מענטש און נישט געהאַט אַצינד געשוואָלענע פּיס, וואָלסטו אויך געקאָנט זיך אַריינדרייען און מיטפֿאָרן. מען גיט זופּ אַ האַלבן ליטער און אַ לאַבן ברויט אַ וואָך. מילא, ביסטו דאָך אַ שלים=מזל!

— ביסט ווייטער נישט גערעכט, — טענהסטו מיט אים, מיטן מאָגן דיינעם — קודם=כל איז נישט יעדן טאָג דאָ זופּ. אָפּטמאָל קומט מען צוריק אומגעגעסן. נו, און גלעטן גלעט מען אויך נישט. מען באַפּט אַמאָל אַ קליינע עוולה. ס'איז ווי אַמאָל. אָבער איצט ביסטו דאָך זיכער מיט דער זופּ אין קיך, האָסט דאָך אַ קוויטל. און גאָרנישט טוענדיק, און אומגעאַרבעט. נו, ווו איז זיכערער?

די אַלטוואַרג=הענדלער פֿאַר די טויערן קוקן אויף דיר, אויף אַלע, לויטן ווערט פֿונעם רעקל, וואָס דו טראָגסט, שאַצן זיי מבינותדיק די הויזן, וואָס מען וועט מאָרגן פֿון דיר אַראָפּציען — פֿון אַ טויטן, צי פֿון אַ לעבעדיקן. פֿון דער וואַנט טראָגט דיר אַ לייכט ווינטעלע אַנטקעגן אַן אָפּגעריסן שטיקל: „400 גראַם שוואַרץ זאַלץ. אָבמאַן דעם יודענראַטעס“. אפשר צו אים? אין זכרון טויכט עפּעס אויף: אַ באַראַטונג, אַ נישט=גרויסער זאַל, אַ גלעקל, אַ קאַראַפֿקע וואַסער. באַקענטסט זיך: אַ הויכע פֿיגור, אַ פֿליישיקע, יידישע נאָז, אַ פֿליך. אַ לייכטער נייג. יאָ, ע ר איז עס היינט דער אָבמאַן. אפשר טאַקע צו אים? אָנשרייבן אים: געערטער הער, כ'פֿאַרלאַנג נישט פֿון אייך קיין סך, כ'בין הונגעריק –– איר פֿאַרשטייט? — הונגעריק. איז פֿאַרלאַנג איך פֿון אייך (און דאָ דערמאָנען אים די באַקאַנטשאַפֿט, דאַכט זיך אין 1935 — צי געדענקט ער עס?). אַלזאָ, פֿאַרלאַנג איך פֿון אייך, פֿאַניע פּרעזעסיע, איר זאָלט אַזוי מאַכן, אַז כ'זאָל יעדן טאָג קריגן אַ שטיקל ברויט. כ'ווייס, זייער געערטער הער, אַז איר האָט טויזנט אַנדערע געשעפֿטן, וואָס פֿאַר אַ באַטרעף קאָן ביי אייך האָבן, אַז אַזאַ פֿאַרשיסענער פֿאַרשויין, ווי איך, זאָל בכלל אויסציען די קאָפּעטעס. פֿונדעסטוועגן, פֿאַניע אָבמאַן דעם יודענראַטעס —

עפּעס שטויסטו זיך אָן אָן עפּעס אויף דער ערד. אָט=אָט יאָגן די פֿאַלסט אום. אָבער ניין, דיינע 2 טיש=פּיסענעס האָבן דאָך דערהאַלטן די גלייכוואָג. אויף דער ערד, אין דער ברייט פֿונעם טראָטואַר, ליגט אַ באַרג שמאַטעס מיט אַ... אַ גרין, באַוואָקסן שטיק שמאָדער, וואָס איז אַמאָל געווען אַ פּנים מיט אַ באָרד. ערשט איצט כאַפּסטו זיך, אַז די אויסרופֿן „האַלאָ, האַלאָ“ זענען געווען צו דיר. פֿריער האָסטו זיך נישט אומגעקוקט, ווייל יידן האָבן דאָך שוין נישט מער קיין נעמען — אַלע יידן הייסן דאָך היינט.... אָבער איצט שטייט שוין לעבן דיר אַזאַ אַלטוואַרג=הענדלער: צי האָב איך דען נישט געזען, אַז כ'בין שיער נישט אָנגעטרעטן אויף אַ מת? פֿילאָזאָף! טאָמער איז די מאַרינאַרקע נאָך וויניק צעקנייטשט און פֿאַרקוזשעט, מוז איך נאָך צוגעבן! די שיך האָט עמעצער [אַראָפּגעשלעפּט

און] פאַרדינט, זאָלן כאָטש די הויזן בלייבן! גיי דערצייל אים, אַז כ'האָב גאָר געטראַכט וועגן דעם אָבמאַן דעם יודענראַטעס! פון טויער גייט פּאַמעלעך, פויל אַרויס דער דאָזאָרצע טראָגנדיק ציגל מיט אַן אַלט, פאַרטינופּט שטיק בלאַט, בינדט אַרום דעם טויטן [און טרעט] פּאַמעלעך צוריק, פאַרטיק.

אויף אַ טייל זייגערס, אויף די [אַלטע, קאַליעדיקע איז] שוין 11. קריגסט זיי ליב, אָט די, וואָס ווייזן שפּעטער. יענע, די גרויסע, זענען [גרויסהאַלטעריש און] איילן זיך נישט, און האָסט זיי פיינט. נאָך אַ שעה, ניין, בלייב טאַקע שטיין און וואַרט... שטיין איז אויך אַ צייט-פאַרברענגעניש. נאָך אַ שעה. אַ פּאָר צענדליק מינוטן — אויך אַ באַטרעף! ס'איז טאַקע גאָרנישט, אָבער וואָלסט דערווייל אויפגעגעסן אַ לחמא, האַ? וואָס וואָלסטו, אַ שטייגער, געטון, ווען קריגסט איצט אין דער האַנט אַריין אַזאַ פיידע ברויט: וואָלסטו עס אויפעסן באַלד, אָדער וואָלסט איבערגעלאָזט צו דער זופּ, ס'זאָל זיין זעטיקער? כ'רעכן, כ'וואָלט עס איבערגעלאָזט. אַזוי — און אַז די זופּ וואָלט פאַרשפּעטיקט, אַרויס, לאָמיר זאָגן, נאָך [שפּעטער און דו וואָלסט] אויך אַזוי לאַנג געוואַרט? ע, דערצייל נישט קיין מעשיות, מאַך זיך נישט פאַר [קיין תם,] דו וואָלסט עס פאַרטיליקט, ווי אַ וואָלף. איי, וואָלסטו עס פאַרצוקט!

— בלויז אַ שטיקעלע ברויט... דער רעפרען פון אַלע מענה-לשונס, פון די טראָטואַרן, פונעם ברוק, אַ שטיקעלע ברויט. עך, לצים וואָס איר זענט! צי ווייסט איר, אַז איך... וויל אויך נישט מער, ווי „אַ שטיקעלע ברויט?“ — דער טאַטע איז [געשטאָרבן, די] מאַמע אין שפּיטאָל, דער גרויסער ברודער איז פאַרפאַלן געוואָרן — אַ שטיקעלע ברויט... געגעסן האָסטו היינט, ממזר איינער, אמת? — קליינע קינדער אין שטוב — אַ שטיקעלע ברויט... און איך וואָלט אַזוי גערן מיטגעגעבן מיין שטים: כ'בין הונגעריק, הונגעריק, הונגעריק, נאָך אַ שעה צו דער זופּ מיינער, נאָך אַ שעה — איר פאַרשטייט? — „אַ שטיקעלע ברויט“!!!!

* * *

...די זופּ האָט היינט נ י ש ט פאַרשפּעטיקט. די פּאַרע שטייט שוין אינדערלופטן. מען קלימפּערט שוין מיט די טעלער. דער פאַרוואַלטער שרייט שוין אויף די קעלנערינס, דער אונטער-פאַרוואַלטער מעסט שוין אוים [מיט] די דריבנענקע פיסעלעך די לענג פונעם זאַל און שאָקלט אויף ביידע זייטן דאָס גראָבע קעפּעלע, ווי ביי מאַריאָנעטנשפּילן. דער אונטער-אונטערפאַרוואַלטער שרייט שוין אויף עטלעכע קאָנסומענטן. סע שטעלט זיך שוין דער טאָג מיט די זופּן. היינט איז דאָ מער מענטשן ווי נעכטן, אַזוי ווי נעכטן איז געווען מער ווי אייערנעכטן. שלים-מזל! פונקט הייבט מען אָן צו דערלאַנגען פון יענעם טיש. ווערסט נאָך זיצן און זיצן, ביז ס'וועט צוקומען צו דיר. נאַדיר — און זאָל דיר ס'האַרץ פּלאַצן.

צייט — און צייט. דערמאָנסט זיך, ווי ס'זענען געווען יענע טעג, ווען מ'האָט אין קיך אַזוי גלייכגילטיק — דיר האָט זיך אויסגעוויזן: אַזוי נקמהדיק — געמאָלדן: היינט איז נישטאָ קיין מיטאָג. ווי פּראָסטיק זענען געווען די ווערטער אויף דער טיר: „היינטיקע קווויטלעך זענען גילטיק אויף מאָרגן". ווי מוראדיק לאַנג זענען געווען יענע טעג און נעכט. און פונדעסטוועגן דאַכט זיך דיר, אַז יענע פּיין איז גאָרנישט אַנטקעגן אָט דער האַלבער שעה, וואָס מוזט היינט וואַרטן.

ביים קעגנאיבערדיקן טיש איז שוין איינגעטרעטן די לייטזעליקייט. מנוחהדיקע שטילקייט — מען עסט שוין. און עפּעס דאַכט זיך דיר, אַז די מענטשן פון יענעם טיש פילן זיך העכער, ווערטפולער אַנטקעגן דיר. ווער־נישט־ווער נעמט אַרויס פון בוזעם אַ פערטעלע ציימונגס־פּאַפּיר און וויקלט אויף, וויקלט אויס אַ שמאָל, קיילעכדיק שטיקל ברויט. צו דער זופּ גייט מען נישט צו אַזוי גלאַט, כאַפּלאַפּ, ווי דו — מען מישט פריער אויס, מען גיט דעם טאָג־טעגלעכן ביטולדיקן פאַרקרום זיך, אַז ס'איז, הייסט עס, שיטער, מען הייבט אָן פון עק, דאָס שיטערע, מען קייט לאַנג, פאַמעלעך, מען מאַכט זיך קוקן ארום, ווי די זופּ וואָלט געווען אַ נעבנזאַך — דער עיקר איז גאָר דער סופיט. נאָך די ערשטע עטלעכע לעפל, באַזאַלצט מען. מען שפּילט זיך מיט דער זופּ, ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז. און נאָך דער זופּ קריגט מען אַזאַ שכינהדיק, גליקלעך פּנים.

און ביי דיין טיש האַלט עס נאָך נישט. און — צי דאַכט זיך דיר נאָר אַזוי?— עפּעס האָסטו דאָ זיצן לויטער אַזעלכע אויסגעצויגענע פּנימער, אַזעלכע אויפגיכטערן־מאָגנדיקע, מיט געשוואָלענע געטאָ־חנדלעד אונטער די אויגן, וואָס גיבן צו דאָס פּנים אַ מאָנגאָלישן אויסדרוק. דערמאָנסט זיך די מייסטער פון דער וועלט־ליטעראַטור, אַ טאָלסטאָי, אַ באַלזאַק, אַ וואַסערמאַן. ווי זיי האָבן [זיך] עס געקעכלט מיטן מענטשן, ווי זיי האָבן עס ציזעלירט יעדן ריר, יעדן שטריך. — ביסט מיר היינט עפּעס בלאַס! — פלעגט שרייבן אַזאַ גאון, און די וועלט איז געווען איין שטיק התפעלות. — ביסט מיר היינט עפּעס בלאַס! — און פרויען האָבן געכאַפּט טיכעלעך צו די אויגן און קריטיקער האָבן געטייטשט און ערנסטע, געשפּטסמעסיקע הערן, באַלעבאַטים פון טיול־פאַבריקן אָדער שותפים צו גרויסע רחבותדיקע מאַנופאַקטור־געשעפטן אונטער ווייסע, מערמלנע שילדן האָבן געפילט אַ רונצל אין די באַקן — רעמיניסצענץ פונעם ערשטן קוש פאַר 50 יאָר. — ביסט מיר היינט עפּעס בלאַס! — כאַ־כאַ! זאָל ה י י נ ט עמעצער איבערלייענען אָדער אָנשרייבן: ביסט מיר היינט עפּעס בלאַס — בעת אַ וועלט איז טויט־בלאַס, בשעת אַלע, אַלע האָבן איין ווייס, איין קריידיק, איין קאַלכיק פּנים. אָ, יאָ, זיי איז גרינג געווען צו שרייבן. זיי האָבן געגעסן און זיי האָבן געוווסט, אַז די לעזער וועלן עסן און די קריטיק וועט עסן. זאָלן זיי איצט, די מייסטער, באַווייזן אַ קונץ און שרייבן!

— פֿאַרוואָס עסטו איר נישט? — וואָס איז דאָס? אַרום דיר עסן שוין אַלע, פֿאַר דיר שטייט אויך אַ טעלער מיט פֿאַרענדיקער זופּ, שפּיגלט זיך אויף דער זון מיט טויזנט חנען. האָסט אַריבערגעקוקט צו די מענטשן און גאָרנישט געזען. און ס׳קוויטל האָט זי גענומען? ניין, האַלטסט עס נאָך צווישן די פֿינגער. וואָס איז דאָס עפּעס אַזוינס? צורופֿן? זאָגן? אָפּגעבן? ביסט שוין באַלד פֿאַרטיק מיטן טעלער, כאָטש האָסט שפּעטער אָנגעהויבן, בעת ארום דיר טשמאָקעט מען נאָך און מען שפּייט און מען כלופּטשעט ווי אַ קאַץ מילך און מען קוועטשט זיך, גלייך מען [וואָלט נישט] געגעסן, נאָר פֿאַרקערט. און יענער, דער פֿאַסקודניאַק, וואָס האָט אַזאַ געדיכטן טעלער, פֿול רייִשעכטס — ער ציט מיט דער נאָז, ממש צום חלשן. מילא, זיי זענען הונגעריק, [יעדער מעג עסן] ווי ער וויל. מסתמא בין איך אויך קאָמיש ביי מיין זופּ. און ווער עס ענדיקט און בייגט אויס אַזוי קראַמפּהאַפּטיק דעם טעלער און שאַרט צענויף די לעצטע קרישקעס... און באַהאַלט דעם גאַנצן קאָפּ אינעם טעלער און זעט גאָרנישט אַחוץ אים, גלייך ער וואָלט געווען ממש די גאַנצע ערד־קויל, אַ גלאָבוס. צי קאָן עס דען מעגלעך [זיין, אַז אָן אַ] קוויטל האָט זי געגעבן די זופּ? גיסט בגנבה אַ קוק — די דאַטע שטימט. פּשוט [פֿאַרגעסן און נישט] באַמערקט אין דער בהלה. ניין, נישט אָפּגעבן איר. נקמה. און אַז זי וועט [זיך כאַפּן] אפשר, אפשר — ניין. ס׳קאָן נישט זיין — אפשר, אפשר עסן נאָך אַ זופּ? און [נישט] אויסזאָגן? אָדער אפשר האָט זי בכיוון אַזוי געמאַכט? ווייסטו וואָס, אַרקע [? אויב ס׳וועט זיך] איצט ביי דיין טיש זעצן אַ מאַנספּאַרשוין, עסטו נאָך אַ זופּ, וועסט ריזיקירן, [אויב אַ פֿ]רוי, איז אַ שלעכטער סימן: גיסטו נישט ס׳קוויטל. שטרענגסט אָן די אויגן. [פֿון איין זייט זיצט] איצט אַ מוטער מיט אַ קינד. ס׳שוועבט פֿאַרביי אַ קעלנערין, די מוטער זאָגט [צום קינד] הויך, מיט אַ שמייכלענדיק־חניפֿהדיק פּנים: — וואַרט, וואַרט, די פּאַני וועט דיר באַלד [ברענגען אַ] געדיכטע זופּ. די באַנק קראַכט, עמעצער האָט זיך געזעצט. מען פֿאַרשטעלט דיר, זעסט אַ שטיקל ווייסן פֿלאַשטש. אַ ברוכטייל פֿון אַ רגע: מאַן, פֿרוי, מאַן פֿרוי. אַ פֿרוי! אַ פּנים, אַ פּאָר אויגן — אַ מומיע, אויגן אָן אויסדרוק. אַ פֿרוי, אַ פֿרוי — צו אַלדי רוחות. הייסט עס, נישט געבן ס׳קוויטל, נישט נעמען נאָך אַ זופּ? פֿאַרפֿאַלן, האָסט אַליין אַזוי געוואָלט. אָבער איצט אַלץ בעסערע זופּן, געדיכטע, קאָכעדיקע. פֿונוואַנען ווייסטו? אַלעמאָל אַזוי. וואָס שפּעטער, זענען זיי בעסער. אויך נישט זיכער. אָבער דאָסמאָל — יאָ. אלזאָ: נאָכאַמאָל. פֿונדאָסניי. מאַן אָדער פֿרוי, מאַן אָדער פֿרוי — — —

אַרום איז אַ באַוועגונג. מען קומט, מען גייט־אַוועק, מען זעצט זיך, מען רעדט. פּויליש, יידיש, העברעאיש, דייטש. אמאָל דאָ, אמאָל דאָרט, ווי אַ ראַקעטע, גיט אַ פּלאַטער אויף אַ פֿראַגע מיט אַן אויסרוף: ווער, ער? ערשט נעכטן אים געזען! — ווער, זי? ערשט אייערנעכטן דאָ געזעסן! — דאָס שמועסט מען וועגן די געשטאָרבענע, ווער פֿון הונגער, ווער פֿון „דער“ לויז און פֿון דער הייִנטיקער

קרענק. און מען גיט דערבײַ זיך אַזאַ סודותדיקן שושקע אויפֿן אויער: שרײַט נישט, הייסט עס, געשטאָרבן אינדערהיים, נישט געמאָלדן. אָבער איבער אַלע שמועסן — איין מאָטיוו: מ׳וועט עס נישט איבערהאַלטן. אָט גייט אַזאַ ווינטער. טאָמער ציט עס זיך אַריין אין ווינטער אַריין — — — פֿאַראַיאָרן האָט מען נאָך געהאַט. זענען נאָך אָנגעקומען פּעקלעך, נישט געווען אַזוי פֿאַרהאַמערט. וואָס פּילפּולט מען זיך אַזוי? יאָ איבערהאַלטן, נישט איבערהאַלטן. וואָס זאָלן טון מענטשן, וואָס זענען פֿאַרמשפּט צום טויט און ווייסן גענוי די שעה פֿון דער עקזעקוציע? אָט האָבן דאָך די פֿראַנצויזישע אַריסטאָקראַטן אין די תּפֿיסות בעת דער גרויסער רעוואָלוציע געסראָקעט אין קאָרטן, געשפּילט טעאַטער, ביז צו דער מינוט, ווען ס׳איז אַרײַנגעקומען דער דרײַ־קאָלירנדיקער און אויסגערופֿן די נעמען: די גיליאָטינע וואַרט. יאָ, זעסט? — אָבער זיי זענען דאָך נישט געווען הונגעריק און ס׳האָט זיי נישט געדראָט קיין הונגערטויט. יאָ, אמת, דאָס איז טאַקע דער עיקר. נו, און בעת דער לעצטער רוסישער רעוואָלוציע? — אָבער וואָס לאָז איך זיך אַרײַן איצט אין גרויסע מעשׂיות: מאַן, פֿרוי — מאַן, פֿרוי — —

אָט איז זי צוגעקומען, די קעלנערקע, אויטאָמאַטיש אָנגעהויבן צו נעמען די קווייטלעך. אַלע שטעקן אויס, דו אויך. פּטור. און אָט טונקסטו שוין דעם לעפֿל אינעם טעלער, אין דער צווייטער זופּ — פֿאַרשטייסט? זי איז טאַקע געדיכטער פֿון יענער. איצט דערלויבסטו זיך אַ שפּיל טון — עסט בנעימותדיק, ווי אַלע, כאַפּסט נישט. נעמסט נישט קיין פֿולע לעפֿל. ווען־נישט־ווען שפּייסטו אויס אַ פּלע־ווע, מעשׂה־יחסן.

...די גאַס כאַפּט דיך ווידער אַרום מיט פֿריש מתים־געשטאַנק... ווי דער פּראָ־פֿעלער פֿון אַן אויטאָ, פֿון אַן עראָפּלאַן גלייך נאָכן אָנדרייען — דרייט זיך און דרייט זיך און בלײַבט פֿונדעסטוועגן שטיין אויף אַן אָרט — אַזוי זענען דײַנע פֿיס. סע דאַכט דיר, אַז זיי גייען גאָר אויף צוריק. שטיקער האָלץ.

צי האָבן זיי אַמאָל נישט נאָכגעקוקט? נישט ווילנדיק גיסטו דיר אַ פֿיר מיט דער האַנט איבערן פּנים. און וואָס וועט זײַן, אַז מען וועט זיך דערוויסן? מען קאָן, פֿאַר אַ שטראָף, דיר צונעמען די זופּן. עפּעס ווײַזט זיך דיר אויס, אַז מען ווייסט שוין. אָט דער, וואָס גייט אַדורך, קוקט דיר אַזוי חוצפּהדיק אין די אויגן אַרײַן. ער ווייסט. ער לאַכט, און יענער, און אַ צווייטער, און אַ דריטער — — כי־כי — שטיקט מען אין זיך ס׳שטעכיקע געלעכטער, און דו ווערסט עפּעס אַזוי קליין, אַזוי אײַנגעקורטשעט. — אָט אַזוי, יאָלד איינער, פֿאַלט מען אַרײַן. אַ גנבֿ? נ אָ ר אַ שלים־מזל. אָט די איינע זופּ קאָן דיך קאָסטן אַלע זופּן.

אַ ברי אין דער לינקער זײַט. די האַנט, דער פֿוס, דאָס האַרץ, שוין נישט דאָס ערשטע מאָל, אָבער איצט איז עס שטאַרקער. מוזט בלײַבן שטיין. פּילסט אויף זיך אַ בליק. שוין צו שפּעט צו ענטפֿערן. אינמיטן גאַס, אויף אַ ריקשע, פֿאָרט אַ דירעקטאָר פֿון דער סאָציאַלער הילף. אַמאָל געווען אַ באַקאַנטער. יאָ, ער האָט

גּעקוקט אויף דיר. פּילסט בטבע אויף זיך בליקן. אַלעמאָל, אַז זעסט אים פֿאַרבײַ־פאָרן, קוקסטו אויף אים, ווילסט כאַפּן זײַן בליק, און שטענדיק אומזיסט. הײַנט פֿאַרקערט גאָר: ער האָט דיך גאָר באַמערקט. אפשר... אפשר ווייסט ער שוין אויך?

דער דירעקטאָר איז שוין ווייט, ווייט — הינטער אים זענען שוין צענדליקער אַנדערע ריקשעס. אָבער דער ברי בלײַבט. צו אַלדי טײַוול — גראָד גערארפט איצט גיין אויף דער גאַס. אַנדערע גייען פאַרבײַ, רירן דיך ממש אָן — און דער־קענען דיך נישט, אָדער מאַכן זיך נישט דערקענענ. און ער — פֿון דער ריקשע אַראָפּ האָט דיך דערזען און דורכגענומען מיטן בליק. ווי וועט עס איצט זײַן?

ביי א טויער, אין א שמאָלער [שפּאַרע] א גרינגע אוגערקע. א גאַנצינקע, נישט געריררט. ווייזט אויס, א באַלעבאָסטע האָט [פאַרלאָרן] פֿונעם געשטריקטן קיישל ארויס. מעכאַניש, געדאַנקענלאָז בייגסטו זיך אַראָפּ, נעמסט, נישט קיין חרפּה, נישט קיין פּרייד. ס'קומט דיר. פּונקט ווי א הונט א ביין. א ביטערע [או־גערקע, פֿון] דער שאָל דערפילסטו שוין דעם זיסלעכן געשמאַק פֿון די קערעלעך. ס'איז [נישט] געזונט. טיפוס? דיזענטעריע? נארישקייטן. 30 יאָרהונדערטער דורות און דורות ווויסנשאַפטלער האָבן זייערע גאונישע פֿעאיקייטן, זייער יוגנט, זייערע לעבנס אוועקגעגעבן [ארויסצורייסן] ביי דער נאַטור די סודות פֿון וויטאַ־מינען, קאַלאָריעס — כדי דו, אַרקע, זאָלסט ביים טויער אויף לעשנאָ ארומבייסן אַ געפֿונענע אוגערקע, וואָס עמעצער האָט פֿאַר[לוירן און] אפשר גאָר פֿאַר דיר אונטערגעוואָרפֿן.

— וואָסי, ס'איז נישט מעגלעך.................? אוי, וואָלסטו נאָר געפּרוווט... וואָלסטו נאָר געפּרוווט.... וואָלסטו נאָר געפּרוווט....... דער ערשטער־בעסטער באַלעבאָסטע... געמאַכט א רחמנות־פּנימל..... וואָסי, [בעסערע] מענטשן פֿון דיר ציען אויס א האַנט. אויסרעכענען דיר? [ווילסט נישט?] איז נישט! איז ניט, דאַרף מען ניט — פֿאַרענדיקט ער גאָר אויף ל......

פּילסט, אַז מיטן הײַנטיקן טאָג [פֿאַלסטו מיט א] שטאַפּל נידעריקער. נו יאָ, אַזוי הייבט עס זיך אָן. אַזוי האָט עס געמוזט [זיך אָנהייבן]. אָט די אַלע ארום האָבן, ווייזט אויס, אַזוי אָנגעהויבן. ביסט אויף א דרך......... די צווייטע זופּ — ווי וועט עס זײַן מאָרגן?

...ס'טונקלט. ס'טראָפּנט. דאָס [פּינצטערניש] ווערט געדיכטער, ווי מיט א מעסער צו שניידן. איצט וואָלט גוט געווען צו קויפן ברויט — ס'איז ביליקער. ס'וואָלט!.... א בייכיקע פּראָסטיטוטקע טיילט איין 2 אירע חברטעס אירים. אויף די קאַלכיק־ווייסע פּנימער, הויט און ביין, זעט אויס די שמינקע און די פאַרב אויף די [שפּי]זיקע ברעמען, ווי עפּעס געשפּענסטיקס. א גרופּקעלע מענטשן שטייט אויפן טראָטואַר און קוקט אריבער אויף דער צווייטער זײַט, אהין פֿונוואַנען

ס'טראָגט זיך א לאַנגער פּאס ליכט..... ס'איז דאָס קינדער־שפּיטאָל. אין דער טיף, אויפן ערשטן שטאָק — א ברייט, הויך פענצטער, א גרויסע עלעקטרישע לאָמפּ הענגט אַראָפּ איבער א טיש. א נידעריקע פרוי, אין א ווייסער מאסקע, רודערט עפּעס גיך־גיך מיט די הענט. ארום — נאָך פרויען, אויך אין מאסקעס. רואיקער געאייל. און אַלץ — צום טיש־צו, צו דעם, וואָס ליגט אויפן טיש. אַן אָפּעראַציע.

האָסט עס נאָך קיינמאָל נישט געזען. אין קינאָ, אין בוך, אין טעאטער — יאָ, אָבער אין לעבן — נישט. נישט מאָדנע? עטלעכע און דרייסיק יאָר האָסטו אָפּגע־לעבט, זיך אָנגעזען אזוי פיל — און א פּשוטע אָפּעראַציע זעסטו ערשט און דווקא אין געטאָ. אָבער צו וואָס, צו וואָס? צו וואָס ראטעווען? צו וואָס, וועמענען, אויף וואָס אומקערן דאָס קינד?

און מיטאַמאָל דערמאָנסטו זיך עפּעס אָן יענעם טויטן יידן, וואָס ביסט היינט שיער איבער אים ארויפגעפאלן. מער נאָך — ערשט איצט זעסטו אים בולטער, ווי פריער, ווען האָסט אים ממש אָנגעקוקט. ערגעץ־ווו, מיט יאָרן צוריק — א מאָ־מע, וואָס האָט געהאָדעוועט, בעתן צוואָגן דעם קאָפּ געוווסט, אז איר זון איז דער קליגסטער, דער פעיקסטער, דער שענסטער. דערציילט דער מומען, די שכנות זיינע חכמות. אויסגעזוכט און אויסגעשפיגלט זיך אין יעדן שטריך, וואָס איז ענלעך געווען צום טאטן, צום טאַטן. און דאָס וואָרט „בערישל" איז געווען פאר איר נישט בלויז גלאַט א נאָמען, נאָר א באגריף, א לעבנס־אינהאלט, א וועלט־אָנשויאונג. און איצט ליגט דאָס פעיקסטע און שענסטע קינד פון דער וועלט אויף א פרעמדער גאס און מען ווייסט אפילו נישט, ווי עס הייסט און סע שטינקט, און אָנשטאט דער מאמען, קושט עס א ציגל אין קאָפּ און דער דראָבנעוואטער רעגן נעצט דורך דאָס באַקאַקטע צייטונגס־פּאַפּיר אַרום זיין פּנים. און דאָ גאָר אָפּערירט מען א קינד, אָט ווי ס'וואָלט גאָר אויף דער וועלט נישט געשען, און מען ראַטעוועט עס, און אונטן, פאַרן טויער, שטייט די מאמע, וואָס ווייסט, אז איר בערישל איז דער קליגסטער און דער שענסטער און דער פעאיקסטער, צו וואָס? פאַר וועמען? פאַר וועמען?

און מיטאַמאָל (— גרויסער, לאַנגער, יונג איינער, מאַנספערשוין! —) פילסטו אַ רונצל אין באַק, אין די הענט, אויפן גאַנצן לייב. און עפּעס ווערן דיר די אויגן אזוי פאַרגליווערט, אזוי פאַרגלאָזיקט. יאָ, אזוי דאַרף זיין. אָט דאָס איז דער סימבאָל — פאַרשטייסט? — דאָס גלייכעניש, דאָס אייביקע געזעץ פונעם לעבן. אפשר איז דיר באַשערט, אַז דווקא איצט, אפשר אין דיינע לעצטע טעג, זאָל דיר קלאָר ווערן דער זינען פון אָט דעם אומזין, וואָס הייסט לעבן, דער זינען פון דיינע גרויזאַמע, אומזיניק־הונגעריקע טעג. אַן אייביק געזעץ, אַן אייביקע מאשין: טויט. געבוירן, לעבן. לעבן. אַן אייביק, אייביק געזעץ. אַן אייביקער, אייביקער גאנג. און עפּעס א לויטערקייט פאַרגיסט דיר דעם

האלדז, דאָס הארץ. און דיינע 2 פּראָפּעלערס דרייען זיך שוין נישט אויף איין
אָרט — זיי גייען, זיי גייען! די פּיס דיינע טראָגן דיך — פּונקט ווי אמאָל. פּונקט
ווי אַמאָל!

* * *

...ערגעץ אויף א זייגער שלאָגט דומפּ אָפּ: איינס. צוויי. האלב. האלב 5. האלב
4, האלב 6? כ'ווייס נישט. דאָ גייט דאָך דער טאָג נישט אויף. דאָ קומט ער גלייך
צו דער טיר, ווי א בעטלער. די טעג זענען שוין קירצער. כאָטש איך — איך האָב
ליב דעם הארבסט, הארבסטיקע, נעבלדיקע פארנאכטן. אלץ ארום ווערט אזוי
חלומדיק=פארטראכט, בענקענדיק, ערנסט, בלוי=אויגיק, אין=זיך קאָנצענטרירט.
עפּעס אזוי ווי אלץ, די מענטשן, די וועלט, די וואָלקנס — אַלץ ציט ערגעץ וווהין,
גרייט זיך צו עפּעס פאראנטוואָרטלעכס, עולדיקס. עפּעס אזוינס, וואָס בינדט אלע
צוזאמען. די גרויע לאטע, וואָס שטייט אין ווינקל שטוב מיט פונאנדערגעשפּרייטע
הענט — דאָס איז דער נייער טאָג. נעכטן [האָב איך] אָנגעהויבן צו פאר=
שרייבן דיינע איבערלעבענישן. פונעם הויף דרינגען=אריין די געשרייען פון די
לאָפּ[8]=דיזשורן וועגן פארלעשן דאָס ליכט......... געשטאַנענער ריח פון טשאָלנט.
ווי אזוי? ס'איז דאָך דאָנערשטיק, נישט שבת. — ......... אַ וואַלד, א טייך, א פייף
פון אַ באַן, אַן אָנסופיק, גאָלדן פעלד. קוזמער, טאַטרן......... ליטווישע גרענעץ.
אָט די בענקשאפט, אָט די ווונד וועט קיינמאָל נישט [פארגיין, זי וועט בלייבן]
אויף אייביק, אייביק אפילו ווען שוין מאָרגן, שוין היינט זאָל צוריק ווערן.......
זאָל זיין אין שטאָט גופא, גיין, גיין, — גיין אָן אן עק, אָן אן אויפהער, [כאָטש
זען] דעם ברעג ווייסל, כאָטש די בלויזע שטאָט. די שטאָט, וואָס דו קענסט. דאָס
גליק פון האסטיקן פארקערעווען אויף א ראָג, דערנאָך אויף......... הונדערטסטן.
מיט א צעכראסטעטער מארינארקע, מיט גליקלעכע, אייליקע [טריט]. דיין
שטאָט, דיין צווייטע מאמע, דיין גרויסע, אייביקע ליבשאפט. די בענקשאפט
לעבערט דיר דאָס הארץ. דאָס בלייבט שוין. — ערגעץ=ווו קלאפּט=אָפּ.......איז
מען מודיע. פון בריסל ווערט געמאָלדן. בעלגראַד, פּאַריז... אָ, יאָ, מיר עסן גראָז.
יאָ, מיר פאלן אין די גאסן אָן איין וואָרט פון פּראָטעסט — מיר גיבן נאָר אזא
פּאָכע מיט די הענט און פאלן....... די פּראָפּילן פון אונדזערע קינדער, פון אונדזע=
רע ווייבער קריגן מיט יעדן טאָג אַן אָבלדיקן אָנבליק פון פוקסן, פון דינגאָס, פון
קאנגורן. אונדזערע געוואָיען ......... זענען ווי דאָס געהייל פון שאַקאַלן. אונדזער
הימן „פּאפּיעראָסי, פּאַפּיעראָסי“ איז, ווי ארויסגענומען פון עפּעס א רעזערוואט,
פון אַ זאָאָלאָגישן גאָרטן. אָבער מיר זענען נישט קיין חיות. מיר אָפּערירן אונדזע=

[8] לופט-שוץ — רעד.

רע עופהלער. ס'איז אפשר אומזיניק, אפשר גאָר פאַרברעכעריש. אָבער חיות אָפּערירן נישט זייערע קליינע! — טאָקיאָ. האָנגקאָנג. ווישי, בערלין. אַלגעמיינע צאָל שונאם פאַרלוסטן: ...... ציקטויזנטאכטהונדערט־ניינאונפערציק. שטאָקהאָלם. וואַשינגטאָן. בראַנקאָק, אַ וועלט גייט כאָראָדאָם. אַ פּלאַנעט גייט־אָפּ אין טרערן. און איך — איך בין הונגעריק, הונגעריק. איך בין הונגעריק.

וואַרשע, געטאָ, אויגוסט 1941.

(רינגעלבלום-אַרכיוו, ערשטער טייל, נ' 1486).

י. בער (י. בערנשטיין)

# הונגער אין ווארשע

(פּאָעמע)

ווארשע!

כ'האָב דיך געזען א ברענענדיקן שטורקאַץ אין שפּעט־זומערדיקע, פרי־הארבסטיקע נעכט פון סעפּטעמבער 1939. געזען האָב איך דיך אין פאַרפּייניקנדיקן הונגער פון באַלאַגערונג (ווען מענטשן האָבן אין געציילטע וואָכן געגנערט זיך מיט קערעלעך און מיט אוגערקעס), ווען שרפות האָבן געברענט, און געבלענדט, און געלויכטן אין די אָסיענדיקע נעכט. יענער הונגער איז געווען א תענית פון באַלאַגערונג, נישט געדעקט איז געוואָרן קיין עמס טיש. וואַרשע! די פלאַמענדיקע נעכט פון סעפּטעמבער זענען געווען גרויליק און שיין. הײַנט, אין העלפט פון 1941, האָט הונגער קאָשמאַר געבוירן, און קאָשמאַר האָט אויף בראָד־שטול אומזין געוווּנען, און אומזין האָט מענטשלעכע הערצער פאַרשטיינערט. און עס גייען אום אין דײַנע גאַסן מענטשלעכע חורבות און אויסגעלאָשענע געוויסנס. עס זענען אויפגעשטעלטע מזבחות אויף דײַנע גאַסן, און עס ווערן קרבנות אויפגעבראַכט פון מענטשלעכע גופים, וואָס פאַלן אין די צענטויזנטער אונטערן הונגער־מעסער. און אויף מזבחות אנדערע קומט פאָר א שוואַרץ־שבת פון גייסטער ביי מענטשלעכע געוויסנס אויף אייביק פאַרלאָשן, א וואַקכאַנאַליע־טאַנץ, אַן אומזיניקער, ווי פאַר עשתרות, ארום זאַטן טיש פון געגנום.

וואַרשע!

עס פירט הונגער ארום דיר אַן אומגעזעענע באַלאַגערונג, עס האָבן הערצער און געוויסנס זיך פאַרפּאַנצערט פאַר הונגער־פײַלן און פאַרן געשריי פון הונגעריקע. ווארשע, דו ביסט א בית־הקברות, עס וואָיעט הונגער אין דײַנע גאַסן דורך פאַרכריפּעטע העלדזער — ווי סטאַדעס וועלף. נאָר די וועלף, זיי פאַרציקן נישט, נאָר זיי שטאַרבן. זיי ציען דורך די גאַסן פון שטאָט מיט געוויין, געבעט און יאָמער, מיט געשריי פאַר פאַרלענדונג, דער געשריי פאַלט צוריק, שפּרינגט אָפּ פון

דיינע מויערן, פאַרפּאַנצערטער ראַיאָן. וואַרשע, דו ברענסט און בלענדסט ווי מיט איידל־שטיינער, מיט שקאַרבוט און שחין, וואָס בליט אויף מענטשלעכע פּנימער און אויף לייבער פאַרפייניקטע. וואַרשע, דו ביסט א מזבח פאַר הילפלאָזע און אַ לעבעדיקער דענקמאָל פאַר דעם שטן. וואַרשע, דו ביסט גרויס און זינדיק, ביסט פיין און אומגליק!

* * *

איך האָב געזען היינט א שוואַרצע עגלה, מיט א טיר געעפנטער, און אין ארון מיט א מת אין איר איגנעווייד. א פרוי איז נאָכגעלאָפן און אויסגעריסענע אין איר געשריי איינע אַליין. און אַ גאַנצע גאַס מענטשן האָט מיט פאַרוואונדערונג גע־קוקט אויף איר און אויף איר געשריי. זי האָט געצויגן זיך, נאָכגעלאָפן דעם ארון ווי אַן אונטערגעשאָסענער פויגל, און אלע ארום האָבן געגאפט. מיין פריינד האָט מיר דערציילט היינט, אז אין זיין שכנות איז פון א פאמיליע פון 8 פארבליבן אַ מאַמע מיט א זון. ווייסט מען נישט, ווען פון זיי וועט פריער פארשניידן די קאָסע פון הונגער. גייען זיי ארום, מוטער און זון, געלע, אויסגעטריקנטע גופים און לייכטן און ברענען מיט פאָספאָרישן ליכט.

עס ציען זיך הענט מיט יאָמערדיקער בקשה. מענטשלעך געבעט... ווען מען זאָל פארשרייבן אויף פארמעט די הונדערט טויזנט פארשידנבארירטע בקשות, וואָס ציען זיך פון מענטשלעכע הערצער אין דיינע גאסן און הויפן יעדן טאָג, וואָלט עס אַ נייער תהילים געווען. וואָרום הונגעריקע רעדן ווי פראָפעטן און שטאַרבנדיקע ברענען און בלענדן מיט אינערלעכער ליכט.

עס זענען אין גאַס אַרוים האַלביערדיקע עופהלעך אין קישנס, מיט בקשות אויף פּאַפּיר אָנגעשריבענע, מיט פארפינצטערטע מאַמעס דערנעבן שטייענדיקע.

אַ בלינדער, וואָס האָט 40 יאָר געטראָגן זיין געזאנג איבער די הויפן פון וואַרשע, שטייט איצט אויף דער גאס און בענטשט און דראָט און מאָנט זיין ביסן ברויט. זיין קול און זיין געבעט זענען גוט באקאנט. ער דערקענט אָבער נישט זיין עדה. דראָט ער און מאָנט און שילט און בלייבט אומדערהערט. מיט זיינע בלינ־דע אויגן רופט ער די עדה און קאָן זי נישט דערזען.

דער בעטלער האָט צוויי קינדערלעך געשטרעקט צו די באלקאָנען און געמאָנט פאר זיי היונה. נעכטן האָט מען אים די קינדער צוגענומען. שטייט דער בעטלער ווי אַ בוים א נאקעטער אין הארבסט־צייט, הויבט זיינע הענט צו די באַלקאָנען און שרייט אין געבעט: „איך וויל נאָך נישט גיין צו מיינע קינדער“. געטריי איז ער געווען זיינע קינדער ביי זייער לעבן (געפירט זיי פון שטוב אין גאס, פון גאס אין שטוב אין פרעסט און שנייען און אין ברענענדיקן תמוז). היינט איז ער אָן זיי געבליבן.

אַן עדה, אַ שטאַרבנדיקע, האָט זיך איינגעשפּאַרט: מיר ווילן לעבן! איינגעפאַלענע פּנימער, ווילדע אויפגעריסענע אויגן.

„עס הונגערט, עס הונגערט" — שרייט מיט ווילדקייט אַ געטראָגענער מיט אימפּעט, מיט ווילדן בליק, געווענדעט צו דורכגייער און צו זוניקע אויפגעריסענע באַלקאָנען, „ס'הונגערט" — נישט קיין וואָרט מער ווי „ס'הונגערט". טרוקענער ווערט זיין גוף פון וואָך צו וואָך, פון טאָג צו טאָג. שטילער, הייזעריקער ווערט זיין שטים. אָבער האַסטיק ווילד קלינגט זיין וואָרט, וואָס וועט זיין לעצט וואָרט זיין. ער שטעלט זיך אָפּ און קרייט אויס מיט באַנומענעם קול:

— „עס־ה־ו־נ־ג־ע־ר־ט"! — ווי אַ סטאַדע קראָען באַגלייטן דעם אויסגעשריי קורצע אָפּגעהאַקטע פאַרכריפּעטע קלאַנגען: „ס'הונגערט, ס'הונגערט, ס'הונגערט!" — באַגלייט מיט ווילדן בליק, מיט קנאָכיק־אויסגעשטרעקטער האַנט. דאָס גיריקע וואָרט און דער ווילדער בליק וועלן באַלד פאַרגיין צוזאַמען מיטן גוף, וואָס ברענגט זיי אַרויס. און אויפשאַלן וועט דער פּראָטעסט פון הונגער דורך אַנדערע אויסגעקרימטע ליפּן.

עס האָט אָפּגעהילכט אַ הויך געזאַנג אין די פרימאָרגן־שעהן אין אונדזער הויף. אַן אַלטער מוזיקאַנט מיט זיינע צוויי זין האָבן אויסגעזונגען אַ העלן לויב צו גאָט. געזעסן איז דער אַלטער מוזיקאַנט אויף אַ פּיסן־בענקעלע, וואָס ער טראָגט מיט זיך. געשפּילט אויף זיין האַנט־האַרמאָניע, פוןביידע זייטן זיין גוואַרדיע — זיינע צוויי זין. נעבן אים, פאַר אים, זענען צוויי געשוואָלענע פיס ווי קאַנען. ער האָט ליכטיק־העל געשפּילט, און זיינע זין האָבן געזונגען. העל און ליכטיק און פייערלעך זענען אויפגעגאַנגען די קלאַנגען אין חלל פון הויף, און העל געלויכטן האָבן און פייערלעך געשטומט די ווענט פון אונדזער הויף. און געזאָגט האָט דער מוזיקאַנט אַזוי: „איך וועל סיי־ווי שטאַרבן; וואַרפט אַראָפּ אַ שטיקל ברויט, נישט פאַר מיר, גאָר פאַר די ייִנגען מיינע, וואָס זענען געשוואָלן פון הונגער". און פייערלעכע טענער האָבן זיך געהויבן פון זיין האַרמאָניע און פון געזאַנג פון די ייִנגען, וואָס איז דורך קיינעם נישט געשטערט געוואָרן אין דעם זוניקן פרימאָרגן. בלויז אַ האַלבן כזית ברויט, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן פון אַ פענצטער, האָט דער ייִנגערער זון געטוליעט צו זיין מויל, כדי עס זאָלן נישט פאַרפאַלן ווערן די קרישקעס ברויט. שפּעטער האָט נאָך שאַליקער אויפגעקלונגען דאָס געזאַנג און די מוזיק, דער אַלטער האָט פאַר די ווענט אויסגערעכנט די מוזיק־נומערן, לאַנג געפּלאָסן איז דאָס געבעט פון קלאַנגען, זיך געטוליעט צו די נישט־האָרכנדיקע ווענט און אויפגעגאַנגען צו דעם הימל־בלוי אין פייערלעכן פּראָטעסט און לויב. —

עס האָבן קינדערלעך באַלייגט דעם טראָטואַר. דאַרע גופּימלעך, שקעלעטלעך. פּנימער פאַרטריקנטע. ביי איינעם בלויז איז דאָס פּנים אויפגעגאַנגען, אויפגעיוירן ווי אַ טייג מיט געשווילעכץ, דאָס פּנים זיינס פּירקאַנטיק, אומנאַטירלעך גרויס, אומבאַוועגלעך. זעט עס אויס ווי אַן אַלטער קוראַנט־זייגער, וואָס כריפּעט

אוים דעם אײנציקן קלאַנג אין אומאויפהערלעכער מאָנאָטאָניע: „ברויט, ברויט, ברויט!“. קינדערשע הערצלעך פּישטשען ווי פייגעלעך: „ברויט, ברויט, ברויט!“. דאָס מאַגישע וואָרט „ברויט“, וואָס איז געדעכעניש און אנונג. „ברויט“ — קינדערשע פינגערלעך האָבן עס שוין לאַנג נישט באַרירט, ווען עס שוין נישט באַרירן.

אַ יונג, אַ האַלב-אנטבלויזטער, אַ פאַנאַנדערגעלייגטער אויף אַ האַנטוועגעלע, שטופּט זיך אָפּ, פירט אַליין זיין עקיפּאַזש. ער זיצט אויסגעלייגט, די פיס-סטאָפּעס בלוטיק אָפּגעשניטן און כמעט נאָך נישט פאַרהיילט, ווי פון אַ יאַטקע-קלאָץ אַוועק. די פיס אנטבלויזט ביז אַרויף צום קערפּער, שײנענדיק רויט אין דער זון. און זיין וואָרט איז קלאָר: „איך קום פון אַ לאַגער נאָך אַן אָפּעראַציע“. דער אָפּגעדעקטער יונג בלענדט ווי אַ שטורקאַץ אַ ברענענדיקער, ווי אַ געמלעך געשטאַלט, וואָס פאָרט אַדורך פייערלעך אין אַ מרכבה (דער צעשויבערטער קאָפּ פון יונג, זיין אָפּגעדעקט לייב, די מיט בלוט פאַרגאָסענע פיס פונעם לעבעדיקן שייטערהויפן וואַרפן אָפּגלאַנץ אין דעם אַרום און דערשרעקן מענטשלעכע הערצער). מענטשן שרעקן זיך און וויכן פאַר דעם בילד פון מעשה-מרכבה, וואָס האָט פון הימלען אַראָפּגענידערט צו דער ערד.

גייען ייִנגעלייט ריזן, פון 18 ביז 20 יאָר, איינגעבויגן, איינגעקוילערט אין דרייען, מיט אייטערדיקע לייבער, מיט דאַרע הענט און פיס, ווי שקעלעטן אין אויפגעריסענער בלאָטיקער וועש, מיט פּנימער, אויף וועלכע עס בליט שקאָרבוט און צרעת. יונגען געקומענע פון לאַגער — רוקט מען זיך אָפּ פון זיי מיט מורא, ווי פאַר געשפּענסטער. גייען זיי אַרום איבער די גאַסן, ווי ברענענדיקע, צאַנקענדיקע חורבות.

עס איז יום-טובדיק אויף דיינע גאַסן, וואַרשע, פון פרילינג, זומער און פון בראָד. פייערלעכע שפּאַלערן זענען אויפגעשטעלט ביי דיינע ווענט, שפּאַלערן געדיכטע פון קינדערלעך, וואָס זיצן אויף קוטשקעס און פּישטשען ווי קאַנאַרעקלעך זייער ניגון, פון אַלטע לייט מיט אויסגעשטרעקטע הענט ווי אין תּפילה. אָט זיצט אַ ייִד מיט האַנט אויף האַריז, פאַרגליווערט אין איין פּאָזע, טאָג נאָך טאָג. אָט שטייט אַן אַלטער מיט אַ האַנט אַ געהויבענע צום הימל און אַ זקנה מיט אויסגעדאַרטע הענט און פינגער, אויסגעשטרעקטע גיריק ווי גאָפּלען — מיט אַ צעקנייטשט פּאַרמעט-געזיכט, מיט האַלב-בלינדע גיריקע אויגן...

זומער, געטאָ, 1941.

(רינגעלבלום-אַרכיוו, ערשטער טייל).

## אַנאָנימער מחבר

# זי האָט אים אָפּגענאַרט...

### נאָוועלע

רבקה רחל האָט גאָר פריער נישט געוווּסט וואָס אַ מלחמה איז. אָבער די מלחמה האָט געוווּסט, ווער רבקה איז, והראיה, זי האָט געטראָפן צו איר.

זי איז געווען באַשעפטיקט אין אַ פאַבריק פון קאָפּיטעס. הער גאָלדבערג, דער פאַבריקאַנט, איז געווען אירער אַ קרוב פון דער מאַמעס צד. אַז איר מאַן איז געשטאָרבן, און זי איז געבליבן אַליין מיט צוויי קליינע קינדער, איז די משפחה אַריינגעלאָפן מיט אַ געוואַלט צום הער גאָלדבערג, אַז ער מוז עפּעס טאָן פאַר דער אלמנה מיט די צוויי יתומים. נו, מילא, אַז ער מוז — מוז ער.

און רבקה רחל האָט באַקומען אַ פּאָסטן אין דער פאַבריק פון הילצערנע קאָפּיטעס. איר אַרבעט איז געווען צוויי מאָל אין טאָג — באַלד אינדערפרי און פאַרנאַכט — אויפצורוימען דעם לאָקאַל, צו האַלטן אים ריין און אָוועקלייגן די כלים אויף זייער אָרט. דערפאַר האָט זי באַקומען 25 גילדן אַ וואָך, און יעדן טאָג האָט זי געבראַכט אַהיים אַ פולן פאַרטעך שפּענער.

און מ'קאָן נישט זאָגן, אַז ס'איז איר שלעכט געווען. רבקה רחל איז געווען אַ גוטע באַלעבאָסטע, און אַז קיין האָליץ האָט איר נישט געקאָסט, האָט זי מיט די 25 גילדן אַ וואָך געקאָנט אַזוי מאַניפּולירן, אַז עס זאָל איר נאָך בלייבן אַ גילדן אַ פרייער.

און אָט איז געקומען די מלחמה. די אלמנה האָט נישט געוווּסט, וואָס אַ מלחמה איז אַזוינס, זי האָט גאָר פּלוצלינג דערזען, אַז — אוים שפּענער און אוים געלט...

האָט זי אָנגעהויבן לויפן צום הער גאָלדבערג, איר ברויט-געבער, האָט מען איר איינמאָל געענטפערט, אַז ער שלאָפט, אַ צווייט מאָל האָט איר די דינסט גע-זאָגט, אַז ער איז שוואַך און ער נעמט קיינעם נישט אויף. אַ דריט מאָל איז ער נאָר-וואָס אַרויסגעגאַנגען פון שטוב, און ווען זי האָט מיט מזל איינמאָל אים גע-

טראָפּן, האָט ער אַזוי מיט איר גערעדט, מיט אַזוינע גלאַטע און זיסע רייד, אַז ס'איז אויסגעקומען, אַז זי דאַרף נאָר אויף אים האָבן רחמנות. רבקה רחל האָט אויסגעהערט און האָט זיך שטאַרק צעוויינט, און ס'איז טאַקע שווער געווען צו וויסן, צי וויינט זי אויף איר אייגענעם ביטערן מזל, אָדער זי באַדויערט דעם פיי־נעם און אָנשטענדיקן הער גאָלדבערג.

זי האָט לאַנג געוויינט און געשלוכצט און האָט נישט געקענט קיין וואָרט אַרויסברענגען. דער הער גאָלדבערג איז געזעסן אין ווייכן פאָטעל, האָט גערוי־כערט אַ גוטן שמעקנדיקן ציגאַר און האָט געקוקט אויף דער וויינענדיקער אָרע־מער פרוי.

ענדלעך האָט ער זיך אָפּגערופן:

— נו, עפּעס וועל איך פאָרט פאַר אייך טאָן. ווי איר ווייסט, איז מיין פאַבריק ליקווידירט. איך האַנדל היינט מיט לעדער. וועל איך אייך געבן אַ פּאָר שטיקלעך לעדער. איר וועט דערמיט שטיין אויפן מאַרק. איר באַקומט אייערע פּראָצענטער. איר וועט אייגנס פאַרקויפן, וועל איך אייך געבן פרישע סחורה.

נאָר באַלד דעם זעלבן טאָג האָט עפּעס פּאַסירט. זי איז געשטאַנען מיט די צוויי שטיקלעך לעדער אין האַנט. איז געוואָרן אַ יאָגעניש, אַ לויפעניש, אַ סומאַ־טאָכע. צו רבקה־רחלן זענען צוגעקומען צוויי פּערזאָן, האָבן עפּעס גערעדט אויף אַ שפּראַך, וואָס איז איר נאָענט און דאָך אומפאַרשטענדלעך. מ'האָט אַרויסגעריסן די לעדער פון אירע הענט. זי האָט געפּרוווט עפּעס רעדן, האָט זי געכאַפּט אַ פּאָר פּעטש. דערמיט האָט זיך געענדיקט איר מסחר.

מער האָט מען זי צום הער גאָלדבערג נישט אַריינגעלאָזן.

וואָס האָט זי געזאָלט טאָן? עסן דאַרף מען און נישטאָ וואָס. נישט פאַר איר אַליין, נישט פאַר אירע צוויי יתומים. גייען טעג פון הונגער, פון קעלט, און דער אַדמיניסטראַטאָר יאָגט דירה־געלט... וואָס זאָל זי טאָן?

און איינמאָל איז דער הער גאָלדבערג מיט נאָך צוויי הערן געגאַנגען אויף דער לעשנאָ. זיי האָבן געוואָלט אַריינגיין אין אַ צוקערניע. פאַר דער טיר האָבן זיי באַמערקט אַ פרוי מיט צוויי קינדער, זיצנדיק אויפן טראָטואַר. געזעסן זענען זיי אין אַזאַ פּאָזע, ווי אַ געניאַלער רעזשיסער וואָלט זיי אַנידערגעזעצט. איין קינד מיטן פּנים אויף רעכטס, דאָס צווייטע מיטן פּנים אויף לינקס. די מוטער אינמיטן צווישן זיי ביידע. די קינדער, קליינטשיקע, איינגעהויקערטע; די מוטער — אַ הויכע, אַ מאָגערע, איז דווקא געזעסן גלייך. און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז גלייך, גלייך וואַקסט זי אַרויס אין דער הויך ווי אַ בוים, אַ בוים פון טרויער. און די קינדער פון ביידע זייטן וואַקסן אַרויס פון איר, ווי צווייגן... זיי זענען טאַקע מיט די קעפּע־לעך געווען צוגעטוליעט צו איר, נאָר די פּנימלעך האָבן געקוקט אין קעגנגעזעצטע זייטן.

הער גאָלדבערג מיט די אַנדערע צוויי הערן האָבן זיך אָפּגעשטעלט און געקוקט. איינער פון די הערן האָט זיך אָנגערופן: דער טאַלאַנטפולסטער מאָלער וואָלט קיין שענער בילד נישט קאָמפּאָנירט.

אַ ווײַלע זענען זיי אַזוי געשטאַנען. פּלוצלינג האָט זיך דעם הער גאָלדבערג אויסגעוויזן, אַז די פרוי, די מאָגערע, די הויכע איז אים באַקאַנטלעך. ער האָט זיך בעסער צוגעקוקט און יאָ... ריכטיק... ס'איז זי... איז ער אַליין נישט ווייסנדיק געוואָרן בייז. ער האָט געהאַט אַ געפיל, ווי זי וואָלט אים אָפּגענאַרט... גראָב אָפּגענאַרט... ער האָט אַ שלעפּ געטאָן דיביידע הערן: „נו, קומט, נישטאָ וואָס צו זען... עם פעלן נישט קיין קבצנים“...

אַלע דריי זענען אַרײַן אין צוקערניע, האָבן באַשטעלט דריי גלעזער שאָקאָלאַד מיט גוטן טאָרט. דער הער גאָלדבערג האָט געטראַכט וועגן דעם געזעענעם בילד. ער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט שענקען. „אַזאַ טעות צו האָבן... אַזאַ טעות... פּע...“

וואַרשע, געטאָ, מערץ 1941.

(רינגעלבלום-אַרכיוו, ערשטער טייל, צייטשריפט „יוגנט-שטימע“, נ' 3.—)

ה. גרויל (ז. סקאַלאָוו)

# א שפּאַציר איבער די פּונקטן

## קאַפּיטל איינס

פּרעכטיקע זאַלן פון אַ פאַרמלחמהדיקן גימנאַזיע־בנין. אַ הײמישע אַטמאָספער. איך בין אין איינעם פון די „פּונקטן“ אויף אָ ג ר אָ ד אָ וו אַ. איך האָב געעפנט די ערשטע בעסטע טיר און האָב פאַרפירט אַ שמועס מיט אַ קאָלישער פריילין, אַ געוועזענע צוהערערין פון הומאַניסטישן פאַקולטעט. זי האָט דערציילט וועגן אַן אָרגאַניזירטן יוגנט־קרייז, וואָס האָט אַ געוויסע צייט עקזיסטירט אין דעם „פּונקט“. באַזונדער האָט זי אונטערגעשטראָכן: דעם יוגנט־פאַריין פון דעם הויף איז נישט אָנגעשטאַנען זיך צו חברן מיטן קרייז פון דעם „פּונקט“.

— ס'איז געווען פריילעך—האָט זי דערציילט—ס'איז געשטאַנען א פּיאַנינאַ, און חבריה יונגוואַרג האָט אין די אָוונטן געטאַנצט, כדי זיך צו הייבן דעם מוט... די קרייזן זענען אונטערגעגאַנגען. די איינוווינער פון דעם „פּונקט“ זענען מיט יעדן טאָג געוואָרן אָרעמער. מענטשן, געוועזענע גבירים פון קאָליש און וולאָצלאַוועק, זענען ארומגעגאַנגען געשוואָלענע ווי אין אנדערע „פּונקטן“ — און נאָך אַלץ האָט די יוגנט געפּרוווט זיך צו האַלטן, זיך געראַנגלט קעגן גייסטיקן צוזאמענברוך דורך זעלבסטבילדונג און פאַרטראַגן אויף פאַרשידענע טעמעס.

אין איינעם פון די זאַלן האָט מיין חבר, מיט וועלכן איך בין געגאַנגען, דערציילט אַ פאַרביטערטער פרוי, אַז ער איז אַ שרייבער. איז זי געוואָרן אויפגערעגט און אַפילו אים געבעטן צו פאַרלאָזן דעם לאָקאַל.

— איך האָב פאַרלוירן אַ פאַרמעגן, כ'בין געקומען צו דער מדרגה פון אַ בעטלער, — האָט זי זיך געערגערט — קומט איר מיר שיטן זאַלץ אויף די וווּנדן, באַשרייבן מיין פּיין...

— יאָ, עס זענען געווען אויך „גוטע צייטן“, ווען ס'איז נאָך געווען וואָס עס איז פון זיך צו פאַרקויפן, — האָט מיר מיין באַקאַנטע געגעבן צו פאַרשטיין — איצט, ווען דאָס לעצטע העמד איז שוין לאַנג אויספאַרקויפט, וואָלט געגאָלטן

פֿאַר משוגע דער מענטש, וואָס וועט פֿאַנאַנדערנעמען זיינע גלידער צום טאַנץ אָדער עפֿענען דאָס מויל צום געזאַנג.

איך געזעגן זיך. און נאָך לאַנג פֿאַרפֿאָלגט מיך דער ספּעציפֿישער ריח פֿון די קאָרידאָרן, וועלכע מיידט נישט אויס אַפֿילו דעם רייכן „פֿונקט“ אין גימנאַזיע אויף אָגראָדאָווע.

אין קעגנזאַץ צום אָגראָדאָוועֶר, וואָס האָט שוין די ערשטע חדשים פֿון זיין עקזיסטענץ זיך אויסגעצייכנט מיט זיין יוגנט=פֿריין, האָט דזשיקע 3, דער גרעסטער און אָרעמסטער „פֿונקט“ פֿון געטאָ, געגרינדעט ביי זיך אַ חבֿרה=קדישא פֿון 2 פּערזאָן, וועלכע האָבן מיט גרויסן דערפֿאָלג טאָג=טעגלעך געהאַט (און האָבן אויך איצט) פֿאַר זיך באַשעפֿטיקונג ביז איבערן האַלדז. זייער אַרבעט באַשטייט אין אויפֿרוימען די מתים פֿון זייערע בעטן (פּריטשעס) און זיי איבערטראָגן אין אַ באַזונדערן שטיבל. אויך ליגט אויף זיי די פֿליכט פֿון אַריבערברענגען טיפֿוס=קראַנקע צו דעם נאָענטן שפּיטאָל=בנין.

מיט איינעם פֿון דער „חבֿרה“ האָב איך געשלאָסן קאַנטשאַפֿט. אַ גוטמוטיקער טיפּ פֿון שעקספּירס אַ קבֿרן, אַן אָפּטימיסט, אַ געשטאַלט מיט אָפּגעפּוצטע שיך און הויזן, מיט אַ צוגעקוועטשטן גרויען בערדל — דאָס איז דער סאָבאַטשעווער שוסטער זלאָטניק, וועלכער באַקומט אלס באַלוינונג 4 צוגאָב=זופּן אַ טאָג (פֿאַר זיין משפּחה) פֿאַר אַראָפּטראָגן מתים.

איך האָב דערקענט אויך דעם זשיראַרדאָווער פֿורמאַן וואַרים, אויף וועמען די פֿאַרוואַלטונג פֿון „פֿונקט“ האָט מיר אָנגעוויזן, אַז ער איז „אינטערעסאַנט“. אַזוי האָט אויסגעזען די באַגעגעניש מיט וואַרימען.

— וואָס? צו מיר האָבן זיי אייך געשיקט, אָט די וויסטע גנבֿים? זאָגט זיי, אַז איך וויל זיי נישט קענען. געט זיי איבער אַ גרוס, אַז גאָר אינגיכן וועל איך מיט זיי אויף אַ געהעריקן אופֿן פֿאַרטיק ווערן... מען וועט זיי איינגראָבן ווי די הינט אָדער אויסשיסן...

זיין שטאָלצע האַלטונג, זיין שלאַנקע פֿיגור, זיין שטרענג, אָפּגעראַזירט פּנים מיט די שוואַרצע צוגעקוועטשטע וואָנצעלעך, שטעלן פֿאָר אַ דיסהאַרמאָניע מיט דער סבֿיבֿה, אין וועלכער ער געפֿינט זיך.

— מיך קען מען אין גאַנץ וואַרשע, אויך אויף קראָכמאַלנע (צענטראַלע פֿון די „פֿונקטן“). זיי ווייסן, אַז וואַרים לאָזט זיך נישט שפּייען אין קאַשע.

איינמאָל האָב איך אָנגעטראָפֿן אויף אַ משונהדיקע סצענע: יידישע אָרדנונגס=מענער [1] האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין „פֿונקט“, האָבן אַרויסגעשלעפּט פֿון די וווינונגען אַ צענדליק מענער אָן אַ שום סיבה און זיי געפֿירט ווי אַ באַנדע אַרעסטירטע אין באָד אַריין. גראָד איז וואַרים נישט געווען אין „פֿונקט“, ווען

[1] יידישע פּאָליציי-לייט. — רעד.

ער איז אהיימגעקומען, האָט ער צוגעזאָגט, אז א צווייטן מאָל וועט ער די „גמי=
נע=כלבים“ צעברעכן רוקן=לענד פאר אזא מלאכה. איך האָב געגאפט, נישט
פאַרשטייענדיק, וואָס עס באַדייט, ביז עמעץ האָט מיר אויפגעקלערט:
— דער עיקר ביי זיי איז נישט די באָד. דער עיקר איז דאָס, וואָס דער
באָד=אַנשטאַלט ליגט אויף „יענער“ זייט. דאַרפן „זיי“ דעריבער האָבן די אָרע=
מעלייט, כדי צו שאַפן זיך אַ געלעגנהייט אַרויסצוגיין פון דעם געטאָ... צוליב
אינטערעסן פון שמוגל.
אין קיין איינעם פון די „פונקטן“ אַווירט נישט אַזוי איבלדיק פון דעם מיסט=
קאַסטן, ווי אויך פון דער אוביקאַציע. דער ספעציפישער סמענדיקער ריח דרינגט
אַריין אין די קאָרידאָרן פון אַלע שטאָקן.
— 2 טויזנט נפשות אין איין הויז — ווי קאָן דען אַנדערש זיין? — פרוווט
עמעץ צו פאַרענטפערן דעם „גאָספאָדאַזש“. — עס סטייעט נישט קיין געלט
אויף אַלעמדינג.
יאָ, דער דאָזיקער „פונקט“ איז תמיד איבערפולט. שטאַרבט אָפּ אַ הונ=
דערט אָדער צווייהונדערט — קומט גלייך אויף זייער אָרט אַן אַנדער פאַרטיע,
צו פאַרנעמען דעם פלאַץ. דייטלעך, אַז דאָ שפּילט די הויפּט=ראָל דער קלאַסן=
מאָמענט, ווייל דאָ „לעבן“ די אָרעמסטע (די אַממייסטן אָרעם=געקליידעטע) פון
אַלע אַרויסגעטריבענע פראָווינצער יידן.
מערקווירדיק, דער דאָזיקער גרויסער „פונקט“ האָט נישט קיין אייגענע
קיך. מיט אומגעדולדיקייט וואַרטן די מענער פאַר דער גאַס, קוקן אויס די זופּ,
וואָס דאַרף אָנקומען פון ערגעץ אַ ליאַדע שעה אין גרויסע מילך=קאַנען. דער
סך=הכל פון זייערע שמועסן איז איין און דערזעלביקער:
— דער הונגער איז שרעקלעכער ווי דער משונהדיקסטער טויט. הלוואי
וואָלט מען אונדז בעסער דערשאָסן...
איך הער זיך צו צו איינעמס אַ דערציילונג:
— צוויי מאָל האָט מיר געדראָט דער טויט, און ביידע מאָל האָט די קויל
מיך אויסגעמיטן. דאָס ערשטן מאָל איז דאָס געווען פאָריקן זומער (1940).
מיר האָבן געאַרבעט אין אָבוז ביי הרוביעשאָוו, נישט ווייט פון אונדז האָבן זיך
איבערן פרייען פעלד געבלאנקט די פארצוימונגען צווישן לאנד און לאנד. דאָ
מיט דער האַנט צו דערלאַנגען האָבן די פעלדער און לאָנקעס פון דער סאָוועטי=
שער זייט נאָך געגרינט אונטער די שטראַלן פון דער יעשענדיקער זון. אונדזער
גרופּע האָט געבויט אַ שאָסיי צו דער סאָוועטישער גרענעץ. אונדזערע אויפזעער
זענען געווען ציווילע פאָליאַקן. אינגאַנצן אַנדערש איז געווען די לאַגע אין שכנישן
בעלזשיץ: יעדער איינער פון די יידן האָט געדינט פאַר אַ ציל=ברעט צום שיסן
פאַר די מונדירטע פאָלקס=דייטשן, וועלכע האָבן אויפגעפאַסט אויף דער אַרבעט.
איינמאָל... ווי טאָג=טעגלעך האָבן מיר געשלעפּט די שווערסטע שטיינער, זיי גע=

דראָבעט אין שטיקלעך און זיי געשפּרייט אויפן וועג — מיר זעען: אַ גרופּע פון 70 אָדער 80 מאַן האָט פּונדערווייטנס זיך אַנטפּלעקט אין דער פאַרנעפּלטער לופט, אייניקע האָבן געצויגן און אויפגעהויבן אין געאייל די דראָטן, די איבעריקע זענען אַרונטער און ווי פּלינקע קעץ זיך אַדורכגעשטופּט... מיר האָבן געקוקט ווי געפּלעפּטע, ביז דער לעצטער פון דער גרופּע איז אַדורך די פאַרצוימונג און פאַרשוואונדן אין דער ווייט.

די דאָזיקע סצענע האָט געמאַכט אויף מיר דעם שטאַרקסטן איינדרוק... איך האָב ביי זיך פעסט באַשלאָסן נאָכצוטאָן דעם ביישפּיל פון מיינע חברים אין בעלזשיץ. דאָרט, וווּ די גרופּע איז אַדורך, זענען די דראָטן געווען אויפגעהויבן און דער דורכגאַנג פאַרלייכטערט. איין טריט — און איך בין פּטור פון אַלע אומגליקן... עמעצער פון אונדז האָט אָבער געלאָזט פאַלן אַ זאַץ:

— לאָמיר „פרינטער“ זען דעם סוף פון „יענע“.

אויפצומאָרגנס ביי דער אַרבעט — מיר קוקן: אַ גרויסער לאַסט־אויטאָ פאָרט אַריין מיט רעש... און דערנענטערט זיך צום וואַך־הויז. דאָ שטעלט ער זיך אָפּ. דאָ טאַנצן אַראָפּ איינער נאָכן אַנדערן בעלזשיצער קאָלעגן, אַלע ביזן לעצטן. דאַן פאָרט דער אויטאָ צוריק מיט אַ געפּילדער פון וואַנען ער איז געקומען.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט, פון ערגעץ זענען געקומען 3 אָפיצירן. אַ באַפעל, אַ זשעסט פון דער האַנט — און דער משפּט איז געוואָרן אויסגעפירט. אַ קנאַלן פון מאַשין־געווער האָט פאַרענדיקט 70 יונגע לעבנס אין אַ קאַרגער מינוט. איך אַליין האָב געהאָלפן צו פאַרשיטן זייערע קערפּערס, זיי באַגראָבן אין גריבלעך (צו 4 מאַן), ווי אויך אויסגלייכן די קברים מיט דער אַרומיקער ערד...

דאָס צווייטע מאָל — אין אָסאָווע, אַ דאָרף נישט ווייט פון כעלם, ערשט אין סעפּטעמבער 1941. איך בין געגאַנגען אַהינצו פרייוויליק — צוליב נויט. מיר האָבן געאַרבעט ביים אָפּפירן דאָס וואַסער פון די זומפּן אונטער דער אויפזיכט פון יידישע אָרדנער. ס'איז אָבער געשען אַזוי, אַז אַ מאַן 50 איז קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און אַוועק אין שפּיטאָל. פאַרבליבן ביים געזונט זענען 54 בחורים, וועלכע האָבן ווי געווינלעך נישט געאַנט, וואָס עס שטייט זיי היינטער די פּלייצעס... אין אַ מיטן העלן טאָג איז געקומען פון ערגעץ אַ גרופּע דייטשן (15 מאַן), באַפוילן צו גראָבן אַ לאַנגע גרוב ביים דערבייאיקן וועלדל, נאָכער זיך אויסטאָן... ס'האָט זיך אַ שאָט געטאָן מיטאיינמאָל אַ האָגל פון קוילן... זיי זענען געבליבן ליגן ביי דער אָפענער גרוב...

אויך דאַן האָט די קויל מיך צופעליק אויסגעמיטן — איך בין געלעגן גראָד אין שפּיטאָל.

## מאיר מעדזינסקי

איך האָב אים געטראָפן זומער 1941 שטייענדיק אויף גענשא גאַס ביים טויער פון אַ הויף, וועלכער האָט געטראָגן דעם נומער 24. דאָ איז געווען פאַרן קריג אַ מיליטערישע תפיסה. איצט זענען די אַלע וווינונגען פאַר דינערשאַפט און באַאַמטע געווען אָנגעפּאַקט מיט יידישע פאַמיליעס פון פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך פון דער פּוילישער פּראָווינץ. דער מיטן פון געראַמען גאָרטן־הויף איז געווען אַ פאַרפלאַנצטער מיט סאַלאַטע, מייערן, קרויט און קאַרטאָפל. די ביימער האָבן זיך צעבליט, און די ערד האָט אַ שמעקעוודיקע זיך געגרייט אַרויס־צוגעבן פון זיך איר זאַפטיקע פּרוכט, בעת פון די געקראַטעטע פענצטער האָבן מיט אומגעדולד אַפּערגעקוקט גיריקע אויגן פון הונגעריקע קינדערלעך. אויף זייערע שווינדזיכטיקע בעקלעך האָט אָפּגעבליט און געשפּט דער זאָמען פון טויט.

— וועמען זוכט איר? — האָט מיך אַ פרעג געטון דער וועכטער פון „פּונקט“.

אויפן טויער פון דעם הויף איז געהאָנגען אַ טאָוול פון געלן קאָליר: „פלעק־פיבער! איינטריט שטרענג פאַרבאָטן!“

— ווי איך זע העננט שוין דער טאָוול הדשים לאַנג אָן אויפהער, — האָב איך אומזיכער געשטאַמלט — און איך האָב געוואָלט אַרויסגיין בלויז אויפן הויף מיט עמעצן שליסן אַ קאָנטשאַפט, צו באַקומען געוויסע ידיעות, ווי אויך...

— צי זענט איר נישט אמאָל אַ שרייבער? — האָט מיר אַרויסגעהאָלפן אַ בלאַסער ייד פון אַ יאָר 60 — יאָ? איך האָב אויך אין מיינע יונגע יאָרן גע־שריבן...

פון זיינע טופּל האָבן אַרויסגעבלאַנקט געשוואָלענע טריט, וועלכע ער האָט פאַרדעקט ווי אַ שאַנד־פלעק. עס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן די צעפליקט־קייט אָבער זויבערקייט פון זיין אָנטון. אַ גוטמוטיקער שמייכל איז געלעגן אויף זיין אָפּגעראַזירטן קינדישן פּנים.

— איך בין אַ וועבער פון זלאָטשעוו, ביי קאָליש, לעצטנס געוווינט מיט מיין פאַמיליע אין שעראַדז, אָבער פון דאָרט בין איך געוואָרן אַרויסגעטריבן צוזאַמען מיט אַלע יידן פון דעם אַרומיקן לאַנד.

אַזוי איז געשלאָסן געוואָרן מיין קאָנטשאַפט מיט מ. מעדזינסקין, וועלכער איז (לויט זיין אייגענער מיינונג), אַלס שילער פון מאָרים ראָזענפעלד, לאַנגע יאָרן פאַרן קריג געווען דער באַזינגער פון זיין שטילער פּראָווינץ.

— דרוקן מיינע לידער האָבן די רעדאַקציעס נישט געוואָלט (איך האָב זיי אַפילו נישט אָנגעבאָטן), האָב איך געשריבן דעריבער פאַר מיינע נאָענטע פריינד... איך שרייב היינט אויך.

— הונגעריקערהייט? — האָב איך זיך געוווּנדערט.

— יאָ, איך וועל אייך איבערלייענען אַ ליד צו מיין מוטער:

(אויף אויסנווייניק) מאַמע, מאַמע, טייערע מאַמע,

גענען איז מיר גוט מיט דיר צוזאַמען,
מיין שענסטע גאָלדענע צייט,
מיט דיינע גוטע מילדע אויגן
האָסטו אונדז אין נויט דערצויגן,
אין פייער, וואַסער געווען פאַר אונדז גרייט.

— איך וויים נישט, פאַרוואָס עס פאַרפאָלגט מיך כסדר דאָס געשטאַלט פון מיין מאַמען, מיך, דעם גרייזגרויען יידן, ווי איך וואָלט געווען אַ קליין פאַריתומט קינד.

דאַן האָט ער מיר געשילדערט דעם וועג פון פיין, וועלכן די יידן פון שעראַדז האָבן אַדורכגעמאַכט, בעת זייער וואַנדערונג איבערן לאַנד פון מאָמענט אָן פון זייער אַרויסגעטריבן ווערן ביז צו דער מדרגה פון „פונקט" און קצבה און געשוואָלענע פיס.

—איך וויים נישט צוליב וואָס עס גלוסט זיך אַ מענטשן ווי מיר צו שלעפן דעם עול פון לעבן אין אַזעלכע באַדינגונגען... יאָ, עס גלוסט זיך צו לעבן, צו איבערלעבן דעם גרויל, כדי מיט די אייגענע אויגן אָנצוקוקן דעם ליכטיקן סוף.

ביי יעטווערן טרעפן זיך מיט מיר האָט מ. דערציילט פון זיין לעבן:

— חברים אַרבעטער פלעגן קומען צו מיר זיך וואַרעמען אין מיין געמיטלעכער שטוב. איך בין שטענדיק געווען אַרומגערינגלט מיט פאַרערער און פריינד.

דערביי איז ער מיך מכבד מיט לירישע פערזן:

גוטע מאַמע, טייערע מאַמע,
די גאָלדענע צייט מיט דיר צוזאַמען
וועט מיין לעבן מיר טאָן באַנג...

—אין אַ פינצטערן טאָג בין איך אויף דער וועלט געקומען, דער שיקזאַל האָט מיך קיינמאָל נישט געשוינט, — פאַרענטפערט ער זיך פאַר זיינע סענטימענטן.

ער האָט מיך באַקענט מיט זיין דערוואַקסענעם זון, וועלכער האָט, אויסזעענדיק ווי אַ מענטש פון אַ „פונקט", געלייענט אַ ביכל מיט דער אויפשריפט: „ליטעראַטורא זשידאָווסקאַ".

זיין ווייב איז געלעגן אויף דער פריטשע, אַ געשוואָלענע, און האָט געוואַרט אויף אַ נס. אין געדאַנק האָב איך פאַרגלייכט דעם אָרעמען פאָלקס־דיכטער —

דעם „נישט אָנערקענטן" מיט מיינע חברים אָנערקענטע. פון מ—ס [2] אונטער־געוואָרפנקייט צו זיין גורל האָט געווייעט מיט ווירדע אין קעגנזאַץ פון געיעג אויפן וועג פון פילאַנטראָפּיע פון מיינע „אָנערקענטע" חברים.

אַדאַנק דער פריינדשאַפט פון הער קאַבאַקער (פאַרוואַלטער פון דער קיך ביים „טאָז") האָב איך אויסגעפועלט פאַר דעם יידן אַ בחינמדיקע זופּ — און מיר האָבן זיך געשיידט.

אַ צוויי חדשים זענען אַוועק פון יענער צייט אָן, דער „פונקט" אויף גענשא איז געוואָרן ליקווידירט. אויף זיין פּלאַץ איז אַנטשטאַנען אַ יידישע תפיסה. וווהין איז אַהינגעקומען דער זינגער פון „פונקט" מיט זיין ווייב און זון?

צופעליק האָב איך אים געטראָפן אויף דער גאַס. גראָד האָט ער געהאַלטן אין דער האַנט אַ פּאָסטקאַרטל, אויף וועלכער ס'האָט זיך געשוואַרצט אַ סאָוויעטישער סטעמפּל פון שטעטעלע קלעצק.

— דאָס איז פון מיין עלטערן זון, — האָט מ. מיר דערקלערט און איבער־געלייענט:

„מיינע טייערע!... איך האָב געהערט, אַז אויף וואַרשעווער גאַסן ליגן הונגע־ריקע... עס שוידערט מיר ביים בלויזן געדאַנק, אַז אויך מיינע עלטערן האָט גע־טראָפן דער גורל פון יענע פאַרטריבענע, וועלכע ליגן שטאַרבנדיקע אויף די גאַסן פון דער הויפּטשטאָט".

ביי דער געלעגנהייט האָט ער מיר איבערגעגעבן זיין נייעם אַדרעס, מיך געבעטן אים צו באַזוכן.

## „פונקט" דזשעלנע 61

אין די גראָמע קלאַסן פון אַ פאַרמלחמהדיקער פּויליש־יידישער פאָלקס־שול זענען געשטאַנען ברייטע פּריטשעס, אָנגעדעקטע מיט צעלעכערטע טונקעלע קאָצן, פון וועלכע ס'האָט אַפּגעקוקט אָפגעצויגן בעטגעוואַנט. אויף איינער פון די פּרי־טשעס האָב איך געטראָפן מיין פריינד, געבויגן איבער אַ פרישן ליד, אין וועלכן ער האָט אויסגעדריקט זיין צער איבערן גרויסן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן זיין פאָלק:

און עס ווילט זיך שרייען, ליאַרמען,
פון אַ לאַנגזאַמער גסיסה דערוואַכט:
פאַרלעשט זיך פּלאַנעטן פון אלע הימלען,
און זאָל זיין אַן אייביקע פינצטערע נאַכט,
זאָל פון אלעם אַ תוהו־ובוהו צוריק אנטשטיין,

---

[2] מעודה ונסקים — רעד.

קיין הימל, קיין ערד, קיין נאַכט, קיין טאָג.
זאָל דער בלוטיקער פּלאָנעט מיט איינמאָל אונטערגיין
און מיט אים צוזאַמען אומגליק און קלאָג...

איך האָב אים געמאַכט אויפמערקזאַם, אַז פאַר דער צוקונפט איז גלייכער, אַז ער זאָל אין אַ פּשוטער שפּראַך באַשרייבן דאָס אַלץ, וואָס ער אַליין האָט אַדורכגעלעבט, אָן קאָמענטאַרן. ער האָט מיר געפאָלגט און אין אַן אַלטן ברוליאָן אָנגעשריבן די פּאַסירונגען, וועלכע ער אַליין האָט אַדורכגעמאַכט אויפן אייגענעם פעל.

אין אַ „פּונקט", אין וועלכן עס געפינען זיך אייניקע הונדערט היימלאָזע, איז יעדער לאָקאַל אַ וועלט פאַר זיך. איינער מיטן צווייטן קאָמוניקירט זיך נישט גערן. דאָס באַוווסטזיין פון האָפנונגסלאָזער אָרעמקייט שאַפט אַ ווידערווילן פון איינעם צום צווייטן און פּלאָנצט אומצופרידנקייט. דער מיסצוטרוי נעמט זיך אויך פון דעם פּאַטאַלן היגיענישן צושטאַנד, אין וועלכן עס געפינען זיך אַזעלכע אָנשטאַלטן, ווי אַן אויסשטאַרבנדיקער הכנסת־אורחים און צייט פון אַ מגפה (פלעק־פיבער).

גאָר באַזונדער האָט געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט דער 4־טער שטאָק פון דעם דאָזיקן „פּונקט". אַהער האָט די דירעקציע אַריינגעשטופּט די אָרעמסטע און פאַרוואָרלאָזטע. דער שטאָק האָט געליפערט דאָס מאַקסימום טויטע פון דעם אַנשטאַלט.

## די קינדער

אָפטמאָל הערט זיך אַ געזאַנג. עס פאַרבינדט זיך אַ געזאַנג און אַ טענצל. דאָס זענען די קינדער פון די עלטערן, וועלכע האָבן געפונען פאַר זיך וועלכע עס איז אַרבעט און פאַרזיכערט די פאַמיליע פון הונגער־טויט. אָבער די באַליבטסטע טעמע פון די קינדער איז דער ענין פון ברויט־פּאַרציעס און זופּ, וואָס ווערן אַרויסגעגעבן פאַר זיי אין פאַרשיידענע טערמינען.

מיין פריינד וווּנדערט זיך, וואָס פאַר אַ מערקווירדיקן חוש דאָס קליינוואַרג באַזיצט אויף פּאָרפילן, ווען עס וועט אויספאַלן די פאַרטיילונג פון די קליינע ברויט־פּאָרציעס (ביי 12 דעקאָ).

— ווי זיי וואָלטן באַזעסן אַן אינסטינקט פון פייגעלעך און וואַלד־חיות... זייער יעדעס פּאָרויסזען באַשטעטיקט זיך מיט דער גענויסטער פּינקטלעכקייט.

— מערקווירדיק ווי אַזוי די פאַמיליענראַנדן זענען אָפּגעשוואַכט געוואָרן אונטערן אייגנדרוק פון הונגער. אָט שטייט אַ טאָכטער, וועמענס עלטערן זענען מיט אַ וואָך צוריק אָפּגעשטאָרבן און פּוצט זיך אין שפּיגל — וווּנדערט זיך מ.

מ. ווייזט מיר אָן אויף א מוטער מיט איר 10=יאָריקן זון, וועלכע זענען פאַרבליבן פון אַן אויסגעשטאָרבענער פילקעפּיקער פאַמיליע. שטענדיק האָבן זיי מיט זיך צו טאָן [רעדנדיק] אויף דער טעמע פון געדיכטע און שיטערע זופּ:

— מאַמע, ביזט א קאָמבינאַטאָרקע, דו נעמסט פאַר זיך 2 לעפל און מיר גיסטו בלויז איינעם. דו נעמסט געדיכטע, מיר לאָזטו שיטערע... אַזוי אַרום נעמסטו נישט צווייטמאָל מער, נאָר פירמאָל מער...

א וואָרט נאָך א וואָרט, עס דערגייט צו מעשים, און די מוטער ווינטשט איר איינציקן זון און מיטגליד פון דער משפחה:

— ווי דערלעב איך, אַז דו זאָלסט אוועקגעבן דעם „באָן“...

אין א צייט אַרום האָב איך געטראָפן דאָס ייִנגל בעטלענדיק אויף א הויף אויף כלאָדנע=גאַס אונטער די פענצטער פון מיין רייכער באַלעבאָסטע. ער האָט געיאָמערט מיט די לעצטע רעשטלעך פון זיין קול און כסדר געבענטשט צום נייעם יאָר.

די אָנגעפּרעסענע דענטיסטין פון דעם הויף (מיין באַלעבאָסטע) איז אַרויס אויפן באַלקאָן און כדי צו ציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דעם הויף, האָט זי אַראָפּגעשריען צום ייִנגל:

— האַלאָ, האַלאָ, האַלאָ! (3 מאָל) —

ערשט דאַן איז געפאַלן אויפן בעטאָן איר קופּערנער 2=ער גראָשן.

איך בין אַראָפּ פון די טרעפּ, האָב געראַטן דעם ייִנגל, אַז אָנשטאָט צו בענטשן, זאָל ער שעלטן. ער האָט אַזוי געטאָן און געקראָגן דערפאַר געשלאָגן... איצט זינגט ער איבער די הויפן ווי א געשאָכטענע גאַנדז מיט א ניגון פון א שלאַגער:

— אָי די באָנע, יאָ! וויל נישט אוועקגעבן די באָנע...

בלויז איינמאָל איז מ. אַראָפּגעפאַלן פון מוט:

— קיינער וועט נישט אַרויס פון אונדז קיין לעבעדיקער. איך אוודאי נישט.

ער האָט זיך נישט געלאָזט טרייסטן:

— אָט איז חבר מאָרגענשטערן פון ליפּנא, אַזאַ ריזיקער יונג, א רעדנער פון „בונד“, אומגעקומען אין דעם „פּונקט“ צוזאַמען מיט זיין פרוי... אָט קוק איך אויף זיך ווי עס שטאַרבט אָפּ אין מיר יעטוועדער אבר, און איך ווייס נישט פון וואַנען זאָל קומען די הילף.

דערביי האָט ער, מ. איבערגעלייענט א ווענדונג צו ה׳ קאַבאַקערן אין פערזן, ווו ער בעט וועגן א מלבוש, כדי זיך צו קאָנען באַווייזן פאַר מענטשן:

פריינד אומבאַקאַנטער און דאָך באַקאַנטער,

א ווייטער — דאָך נאָענט אַזוי צום האַרצן,

באַווייז — אַז אויך פאַר מיין פרוי האָט איר באַשטימט אַן אומזיסטן מיטאָג...

גראָד איז געווען א לינד וועטער, זענען מיר אוועק שפּאַצירן — אין דער ריכטונג פון בית־עלמין...

שוין אייניקע מאָל, קומענדיק אויפן בית־עלמין צו דער לוויה פון חברים, האָב איך באזוכט דעם פּלאַץ, ווי אין 10־מעטערדיקע טיפע, ברייטע גריבער ווערן פארבאהאלטן די נאקעטע גופים פון געשטאָרבענע היימלאָזע.

דאָס מאָל האָב איך אויפן „גוטן אָרט" זיך געטראָפן מיטן שלאָסער איי־ כענבוים, וועלכער איז באקאנט אלס יונגער יידישער ארבעטער־שרייבער. גראָד האָט ער געזוכט דעם פּלאַץ פון די גריבער, ווו מיט א מאָנאט צוריק איז גע־ וואָרן באערדיקט זיין אלטיטשקע מוטער...

צו מיין גרויסער איבערראשונג זענען די מתים פון נעכטן געווען נישט איינ־ גאַנצן פאַרדעקט, וואַרטנדיק, קענטיק, אויף די מתים פון היינט. פון אונטערן געלן זאַמד האָבן ארויסגעשטאַרצט טונקעלע קניען, אָרעמס און קעפּ, אין אומ־ אָרדנונג געשליידערט איינער אויפן אַנדערן.

— אזוי איז געבראכט געוואָרן צו קבורה מיין מאמע, — האָט חבר איי־ כענבוים זיך געזאָגט — ווייל איך האָב נישט פאַרמאָגט די פּאָר גילדן צו באַ־ צאָלן פאַר א פּלאַץ — ער האָט אָבער גלייך זיך אויפגעמונטערט:

— איך וועל איר אויסקריצן א מצבה אויף א בוך, וואָס איך וועל ארויס־ געבן... אויך נאָך מיין טויט וועל איך אויף אזא אופן שטעלן א מצבה... ווייל אויך זיין קבר איז פארשווונדן אין לויף פון דער צייט.

## אברהמל קאָהן

אין איינעם פון די מיטעלע שטאָקן („פּונקט" דזשעלנא 61) האָב איך אים געטראָפן איינגעבויגן איבער אַ בוך פון יידישער בעלעטריסטיק. זיין מאַסיווער ביינערדיקער קאָפּ מיטן אויסגעפּוקלטן הויכן שטערן איז געזעסן אויף א מאָגערן אויסגעשנירלטן האַלדז. דער קליינער קערפּער איז געווען איינגעדאַרט ווי טרו־ קענע שטרוי. דער קלוגער בליק פון די אויגן האָט פארלוירן זיין גלאַנץ. ער האָט מיך צופעליק דערקענט און א פרעג געטאָן:

— צי ווייסט איר נאָך אלץ ביי דער משפּחה צ. אויף נאלעווקעס, ווו איך האָב אייך געטראָפן?

— אָ, דאָס זענט איר דאָך, — האָב איך זיך דערמאָנט — דער בארימטער לערער פון אלעקסאנדער?...

עס איז פאר מיר גלייך קלאָר געוואָרן, אז אין דעם „פּונקט" וועט דער מענטש פארענדיקן דעם לאנגן חשבון פון זיינע אינערלעכע קאָנפליקטן, פון וועלכע ער האָט געליטן פון זיין קינדהייט אָן.

דער עלוי פון אלעקסאנדער — אזוי האָבן דערציילט וועגן אים די ארויסגעטריבענע אייגנווינער פון דער שטאָט — האָט צו 12 יאָר געשריבן תנאים מיט א מיידל פון „הויף“. ער האָט זיך אָבער שפּעטער צוריקגעצויגן און געוואָרן אן אפּיקורס. ער האָט געקענט אויף אויסנווייניק שפּינאָזען און איז געווען א בקי אין העברעישער ליטעראטור.

א פריינדלעכער צו ארומיקע, אָבער א שטרענגער צו זיך אליין, האָט ער נישט איינמאָל זיך פארמאָסטן אויף זיין לעבן, ביז דער שיקזאל האָט אים צוגענאָגלט צו די פרישעם פון א „פונקט“.

— א זעמעלע איז געווען גענוג פאר מיר, א קינדעריש בייגעלע צו פארטרייבן דעם הונגער, — האָט ער זיך מתוודה געווען פאר זיינע פריינד — איצט וואָלט איך אויפגעפרעסן אן אָקס צוזאמען מיט די קאָפּיטעס... איך וועל זיך קיינמאָל נישט אָנזעטיקן, — האָט ער זיך געוווּנדערט איבער זיך אליין.

ווען ער האָט דערפילט, אַז דער שאָטן פון טויט דערנענטערט זיך צו אים מיט שנעלע טריט, האָט ער זיך א ריס געטאָן פון זיין פרישעם, איז אראָפּגעלאָפן מיט וואקלענדיקע פיס פון די טרעפּ, געלאָפן איבער גאסן א צעטומלטער ווי אויסן זין — צו אנטרינען פון זיין גורל.

אַזוי איז ער אייניקע מאָל אַריינגעפאַלן מיט אַן אימפּעט צו זיין בן־עיר צ. א לעק צו טאָן פון א מיטאָג, כדי זיך דערכאפּן האָס הארץ — צו פארלענגערן די צייט פון אגאָניע.

ווען אָבער אין פארלויף פון אייניקע טעג איז קאָהן, כאָטש אַן איינגעלאַדענער, צו זיינע פריינד נישט ארויפגעקומען, האָבן יענע זיך אָנגעשטויסן, אז אברהמעלע האָט אוועקגעגעבן זיין „באָן“ (דער אויסדרוק פארן טויט אין וואַרשעווער געטאָ).

— וויפיל ליבשאפט דער מענטש האָט פארמאָגט פאר קינדער — האָט הערץ. מיט התלהבות געשילדערט דעם נפטר — ארומגערינגלט מיט הונדערטער ביכער פון זיין אייגענער ביבליאָטעק, האָט ער אין מאָמענט פון ארויסטרייבן געוואָלט זיך אויפהענגען. אַ באַקאַנטער קריסט האָט אים דערין געשטערט, איבערשניידנדיק דעם שטריק אין דער לעצטער רגע. ער האָט געהאָלפן דעם זעלבסטמערדער צו מאכן זיין פעקל און האָט אים אויך צוגעפירט א ביסל אויף זיין פור.

— צי איז דאָס נישט קיין חוזק־טרייבן פון דער נאטור, וואָס דער דאָזיקער אומגליקלעכער האָט זיך לעצטנס געבעטן צו דערהאלטן אים ביים לעבן?... ווייל ער האָט געגלויבט אין א גליקלעכן סוף און האָט געוואָלט אים דערלעבן...

* * *

בײַ דער געלעגנהייט זאָל זײַן דערמאָנט דער פרײַנד, שריפטשטעלער י צ ח ק װ ײ נ ט ר ו י ב.

ער איז געשטאָרבן (אויסגעגאַנגען פון הונגער) כאָטש נישט אין א פונקט, אָבער אין ענלעכע באַדינגונגען.

זײַענדיק פון תמיד שטאַרק טויב, האָט ער אַ טאָג פאַר זײַן טויט געװענ־דעט זײַן בליק צו די אַנװעזנדיקע באַקאַנטע, א פאַרװוּנדערטער פון דעם, װאָס ער ה ע ר ט :

— צי הערט איר נישט צומאָל דאָס פרעכטיקע געזאַנג?...

אָבער דאָס געזאַנג האָט ער אַליין געהערט און מער קיינער נישט. אויך ער איז געשטאָרבן מיטן טיפן גלויבן אין א „הערלעכן סוף", אין א גליקלעכער ערע, װעלכע װעט באַלױנען די פאַרפּײַניקטע מענטשהייט...

* * *

אין אזעלכע באַדינגונגען איז אויסגעגאַנגען א העברעישער שרײַבער װ ע נ־ג ע ר ב אָ ר ג ס ק י.

אָנהייב נאָװעמבער 1939 איז ער געכאַפּט געװאָרן צוזאַמען מיט אַנדערע ייִדן, אַרײַנגעפּאַקט אין א צוגעמאַכטן אויטאָ, װאָס האָט א גאַנצע נאַכט זיי גע־פירט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. מיטן באַגינען האָבן זיי דערזען פאַר זיך די שפּיצן פון א גרויסער, דײַטשער שטאָט. דער אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַ שטעכעדיקע פאַרצױמונגען אין דער נאָענט פון קעניגסבערג.

אונטערן פרײַעם יעסיענדיקן הימל האָט דער מענטש פאַרבראַכט אין אַן ערדישן גיהנום. נאָך דרײַ װאָכן „אַרבעט" איז ער צוריקגעקומען מיט א צע־דריקטן ברוסטקאַסטן און אָנפאַלן פון האַרץ. ער האָט געשריבן לידער אין נוסח פון איוב — ער האָט אָבער געװאָלט לעבן.

דער באַקאַנטער פּאָלקסדיכטער ה ע ר ש ע ל ע (דאַניעלעװיטש) פלעגט צו אים אַרײַנקומען צו פאָרלייענען פאַר אים זײַנע אייגענע נײַע װערק, אויך ער איז געשטאָרבן אין א „פונקט" אויף פאַװיאַ־גאַס. א שטענדיקער „באַנטשע שװײַג" אין פרט פון מאַטעריעלע השגות, איז דער באַקאַנטער פאָלקסדיכטער אויסגעגאַנגען פון הונגער — מיט געשװאָלענע פיס — װי איינער פון דער גאַס.

שטיל, װי זײַן שטייגער אין לעבן, איז אװעק דער קראַנקער פּראָזאַיקער ט ש ע ב ו צ ק י אין זײַן סימבאָלישן דאַר־שטיבל.

אָבער דעם שטאַרקסטן אײַנדרוק האָט געמאַכט אין פרילינג 1941 דער טויט פון דעם דערמאָנטן אָרעמען און באַשיידענסטן ה ע ר ש ע ל ע. — — —

## קאַפּיטל צוויי

איך וואונדער מיך אויף זיך אליין, וואָס זיצנדיק אין געזעלשאפט פון עלעגאַנט געקליידעטע יונגע מענטשן, הער איך נישט אויף צו טראַכטן פון אייך, אייערע אומגליקלעכע פון פּאָמעכוועק, וועמענס נשמות צאנקען ווי דערברענענדיקע ליכטלעך איבער דעם גרעסטן מיסטקאַסטן פון דער פּוילישער רעזידענץ...

אין שכנות פון די נייע הייזער מיט דער מאָדערנסטער איינריכטונג, אויף דעם טייל פון סטאַווקי־גאַס, ווו קעגנווערטיק לאָקירט זיך דער יידישער שפּיטאָל, האָב איך איבערגעלעבט די סענסאַציע, אויף וועלכער איך וואָלט זיך קיינמאָל נישט גערעכנט. ווייל נאָכדעם ווי דאָס הויז אויף דזשיקע, דער צווי־טויזנטקעפּיקער „פּונקט" האָט אין מיין פאָרשטעלונג געגאָלטן פאַרן אָרעמסטן און שמוציקסטן, האָט דאָס הויז אויף ס ט אַ וו ק י געשלאָגן דעם רעקאָרד פון די דאָזיקע איינגעשאַפטן. זיינסגלייכן האָב איך נישט געטראָפן אין קיין איינעם פון די „פּונקטן", דאָ זענען די פּריטשעס איינגאַנצן נאַקעט, ווייל זייערע באַוווינער פאַרמאָגן נישט אפילו די ברודיקסטע שמאַטעס צו אונטערשפּרייטן אונטער דער זייט.

טאַקע דאָ האָב איך זיי געטראָפן, די אומגליקלעכסטע פון פּאָמעכוועק, וועלכע איך האָב אַרומגעזוכט וואָכן לאַנג. אין זייערע אויגן האָט נאָך געגליווערט דער שרעק פון די איבערגעלעבטע אָנדערטהאַלבן חדשים אין די קאַזעמאַטן פון אַ פינצטערן בנין (אייניקע קילאָמעטער פון נאָווידוואָר), ווי די מורא פאַרן מאָרגן.

— וועמען זוכט איר? — האָט מען מיך אָפּגעשטעלט מיט אומצוטרוי אין דער ערשטער בעסטער צעלע, ווי איך האָב געעפנט אַ טיר.

— אַ צוקערל פאַר אַ קינד האָב איך געבראַכט, — איז מיר איינגעפאַלן זיך אויסצודרייען פון אַ תשובה.

שווינדזיכטיקע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט לעבן. אויסגעטריקנטע גופים האָבן מיך אַרומגערינגלט. הענט, דאַרע הענט, געשנירלטע און קלעפּעדיקע ווי שפּינוועבס האָבן פון אַלע זייטן זיך געשטרעקט צו מיין פּנים. אַן אויפרעגונג האָט באַהערשט די מרה־שחורהדיקע צעלע.

— מיר, פאַר אַ קאַליקן, פאַר אַ בלינדן, צו דערקוויקן דאָס האַרץ...

— פאַר אַ גוססן קינד, פאַרן קראַנקן יתום, וואָס ליגט דאָ אויף דער ערד אין אַ קנויל...

— איך שטאַם פון פויזן, פון די אַרויסגעטריבענע, לעצטנס פון פּלאָנסק, ווו איך האָב פאַרבראַכט מיט מיין טאָכטער די יאָרן פון קריג. אינמיטן דער נאַכט איז געקומען דער באַפעל צו פאַרזאַמלען זיך אויף דעם מאַרק, און דאָ האָבן מיר צום ערשטן מאָל אין אונדזער לעבן פאַרזוכט דעם טעם פון אַ דריי־

טשישן „בראנד“... — האָט מיר א מיטליעריקע פרוי דערציילט אירע איבערלעבונגען. — ווייבער שוואנגערנדיקע און פרויען מיט עופהלעך אויף די הענט זענען געפאלן אונטער די קלעפּ פון די דיקע און לאנגע דראָנגען. קינדערשע קעפּלעך זענען געוואָרן צעפּערטלט אויף די הענט פון די מוטערס, וועלכע האָבן נאָך לאנג ארומגעשלעפּט די הרוגים פאר די פיסלעך — ביזן אָפּגיין פון בלוט. אונטערן האָגל פון טויט־קלעפּ זענען מיר געבראכט געוואָרן קיין פּאָמעכוועק.

— איבער א גרוב אויף דער פריי (צווישן דראָט־פארצוימונגען) האָבן מענער און פרויען דערליידיקט זייער באדערפעניש אונטער דער אויפזיכט פון זעלנער. אונדזערע אינגעווייד האָבן זיך געשרומפּן צוליב הונגער און דערשעפּונג. מיר האָבן געברענט אינגאנצן פון דורשט (זומער 1941). מיר האָבן געלעקט ווי חזירים די ברודיקע וואסער פון פארשימלטע לוזשעס. דאָס פייער פון דורשט האָבן מאנכע געלאָשן מיט דער אייגענער השתנה, וואָס האָט סמענדיק געווירקט אויפן מאָגן און בלוט און דאָס פייער צעבלאָזן.

— אין אזא שעה איז געפאלן א באפעל צו טאנצן. האלב־נאקעטע מיידלעך (זייערע קליידער זענען געווען צעפליקט פון אָפטע עקזעקוציעס) האָבן מיט געצוואונגענער הייטערקייט זיך גענומען צום טאַנץ, אַנגאַזשירנדיק יונגעלייט צו דעם דאָזיקן שפּיל.

— אויך מיין טאָכטער האָט מיטגעטאנצט. איר קאָפּ איז געווען באנדאַזשירט נאָך דער „בראנד“, וועלכע זי האָט אדורכגעמאכט אויף די גאסן פון פלאָנסק... מיין טאָכטער האָב איך געהיטן, איך האָב געזאָרגט פאר איר לעבן, נאָך מער פאר איר כבוד.

— צעשויבערטע האָר פון דערהיצטע מיידלעך, וואקלענדיקע פיס פון פארמאטערטע יינגלעך — אונטער דער קאָמאנדאָ פון קרעפּטיקע יונגען מיט לאנגע שטעקנס... די סצענע לאָזט זיך נישט אויסמאָלן, ווייל קיינער קען נישט שילדערן דעם צושטאנד פון א מאמען, ווען איבער איר טאָכטער ווערט באגאנגען א שענדלעכע טאַט. דאָס... גליק איז, וואָס מיין טאָכטער איז אין דער לעצטער מינוט געלונגען צו אנטרינען פון די באַזאָפּענע לייט...

די פרוי האָט זיך ארומגעקוקט. די אָנוועזנהייט פון אירע באקאנטע האָבן איר געשטערט זיך ארויסצוזאָגן. זי האָט מיר פארטרויט אינדערשטיל:

— יידישע יונגעלייט האָבן אונטער דער דראָונג פון באַנעטן געשענדעט זייערע חברטעס, מיידלעך... זיי האָבן געצוווּנגען א פאָטער צו זיין מיט זיין טאָכטער און א ברודער מיט זיין שוועסטער...

— דאָס איז זי מיין קינד — האָט די רעדנערין מיר פאָרגעשטעלט א געשטאַלט פון אַ „געוועזענע“. — זי איז קראַנק, זי הערט נישט אויף צו פיבערן. זי מוז האָבן פלעגע... זי וואלגערט זיך אויף דער גאס, זי בעטלט...

— איך האָב געראַטעוועט איר כבוד, — האָט געקלונגען אין מיינע אויערן — כדי צו דערפירן זי צום שרעקלעכסטן „פונקט“ פון דעם ווארשעווער געטאָ. צו שווינדזוכט און צו הונגער=טויט.

איך האָב זיך נישט געוווּנדערט, וואָס מען זעט נישט אין דעם „פונקט“ קיין אַלטע לייט (די שטערבלעכקייט איז דאָ די גרעסטע). איינער איז אָבער יאָ אריינגעקומען אין דער צעלע. א לאנגער און מאָגערער מאַן, וואָס האָט אויף שמאָלצערנע פיס, מיטן הויכן שטערן, אויסגעקוקט ווי א פארטרוקנטער „זומערפערדל“ אין אַ קאָלעקציע אינסעקטן.

— שמועסן, וואָס האָט מען פון די טרוקענע שמועסן, — האָט ער געמרוקעט אויף דער פרוי פאר איר „בחינםדיקער“ בארעדעוודיקייט.

ערשט איצט האָב איך באמערקט א צווייטן אלטן, וועלכער איז געלעגן אין א ווינקל אן איינגעקנוילטער אין זיך. ער האָט זיך געשטעלט אויף די פיס. זיין נידעריקע און ברייטע פיגור האָט אים ענלעך געמאכט צו א מאי=זשוקל. זיינע טרוקענע זשעברעם האָבן געצוקט אין מיין זייט:

— א צוקערל...

מיר זענען אלע מיטאמאָל אנטשוויגן געוואָרן. איך האָב נישט געוואָלט פרעגן. איך בין געווען איבערזעטיקט פון די אלע ידיעות.

אין דעם טאָג האָט מען געלייענט דעם ארטיקל פון געבעלסן אין דער צייטונג „דאַס רייך“: „אונדזער בלוטיקסטער פיינט זענען יידן, בלויז יידן זענען שולדיק אין דעם קריג. קיין שום שוינונג, קיין שום סענטימענט לגבי דעם יידישן פאָלק, וועלכעס מוז אויסגעוואָרצלט ווערן...“

— זיי וועלן דעם קריג ניט געווינען, — האָט די פרוי פון פויזן מיר פארטרויט ביים געזעגענען זיך — אויב עס טליעט ערגעץ ווו א פונק פון גערעכטיקייט, אויב עס הערשט איבער וועלטן דער גלייכער פארשטאנד.

איך בין אַוועקגעגאַנגען. נאָך לאַנג האָט מיך פאַרפאָלגט דאָס געשטאַנק פון דעם הויז, אָבער א בענקשאפט האָט אָנגעפילט מיין געמיט — נאָך יענע אומגליקלעכע, וואָס זייערע לעבנס דערברענען ווי טליענדיקע קאָסטרעס אויף א הויפן מיסט.

לייזן דערלויטערן[1] אונדזער האָריזאָנט, פאַרפיינערן די חושים און לייטערן די נשמה. דעריבער ציט מיך אזוי צו די לייט פון דעם ברודיקסטן און פאַרוואָרלאָזטן „פונקט“, דעריבער גאר איך זיי ווידער צו זען. אויך דערפאר, ווייל דאָס גוססן פון געפייניקטע נשמות דערמאָנט אָן דאָס צאנקען פון דערברענענדיקע ליכטלעך.

[1] ברייטערן אויס — רעד.

אָדער... צי ליגט נישט אין זייער גליענדיקן פּיין אַ אומבאַמערקבאַרער ווונק פאַר דער קומענדיקער אַנטבינדונג, דער שליסל פאַר אונדזער אַלעמענס צוקונפט?

* * *

איך מוז מודה זיין, אַז פון תמיד אָן האָב איך אַ באַזונדערן גליק צו „פּונקטן“ (אויף פּאַרן קריג), אַז דאָס, וואָס איך זוך זייער אינערן, טרעף איך אָן אויף די טרעפּ אָדער אַמווייטסטן — אויף דער שוועל. אַזוי האָב איך זיך באַקענט מיטן חבר מ., פון וועלכן איך האָב געשריבן. אויך אַזוי האָב איך אָנגע־טראָפן צופעליק אויף די טרעפּ פון עלעקטאָראַלנע 5 אַ יונג בחורל, וועלכער האָט אין 10 מינוטן מיר אויפגעקלערט דעם כאַראַקטער פון דעם „פּונקט“.

אויב דאָס הויז אויף סמאָווקי 9, דער 1.500־קעפּיקער מיסטקאַסטן, פאַר־מאָגט נישט אפילו קיין קאַנאַליזאַציע (קיין איינאַיינציקע פונקציאָנירנדיקע אוי־ביקאַציע), איז די איינריכטונג פון דעם 200־קעפּיקן „פּונקט“ אויף עלעקטאָ־ראַלנע ממש מוסטערהאַפט. אַ געוועזענע פּוילישע פאָלקס־שול מיט אַלע באַ־קוועמלעכקייטן לויט דער גרויסשטאָטישער אַרט. דערצו טראָגט ביי דער אומ־שטאַנד, וואָס דער זויבערער „פּונקט“, וועלכער פאַרמאָגט אַגב אַן אייגענע קיך, געפינט זיך אונטער דער אויפזיכט פון דער פרוי פרעזעס, דער באַקאַנטער טש.

— צי שטאַרבט מען ביי אייך נישט פון הונגער, ווי אין אַנדערע „פּונקטן“? — פרעג איך דעם בחורל.

— צי מען שטאַרבט? מען פאַלט ווי די פליגן, מען ווערט „אַנטשלאָפן“ גייענדיק אָדער אין מיטן ריידן, אינגאַנצן אומגעריכט... פון אונדזערע קראַקע־ווער איז פאַרבליבן קוים אַ העלפט... מיין מוטער איז געשטאָרבן ערשט מיט 2 וואָכן צוריק — בעת איך בין געלעגן אין שפּיטאָל אויף טיפוס. און איצט איז געקומען די ריי אויף מיר...

מיר שטייען ביי זיין פרימיטיש אייפן 4־טן שטאָק. זיין בעטגעוואַנט איז אָפּ־געצויגן און פאַרברודיקט.

— דאָס האָט עמעץ פון דער באַדינונג, — פאַרענטפערט ער זיך פאַר מיר — אַזוי פאַראָרדנט נאָכן טויט פון מיין מאַמע, אַז דאָס וועש און בעטגעוואַנט זאָל ווערן געהיטן אין אַ זיכערער אַלקאָווע אונטער דער אויפזיכט פון די אָרד־נער... און טאַקע אין דער דאָזיקער אַלקאָווע איז דאָס בעטציג אַוועקגעקומען... און אפשר, ווער ווייסט, אפשר ווער פון די שכנים?

— ס'איז נאָך גוט, וואָס איר פאַרמאָגט אַ וואַרעמען מאַנטל, — האָב איך אים געטרייסט — אין אַזאַ ביטערער קעלט...

— דער מאַנטל? יאָ, אויך מיין מאַנטל האָט מען מיר צוגעלקחנט... אָט דער מלבוש געהערט צו אונדזער פֿאַרוואַלטונג, אַ ירושה נאָך אַ פֿאַרשטאָרבענעם פּאָר-פֿאָלק.

אין דעם קומט אַריין אַ קליין בחורל, שלעפּט אַראָפּ דעם מאַנטל פֿון מיין מיטרייַדערס פּלייצעס, פֿאָרויסזאָגנדיק:

— קאָלעגע, כ'וועל צוריקקומען ערשט אין אָוונט.

איך האָב זיך אָנגעשטויסן, אַז אָט דעם ירושה-מאַנטל נוצן די קאָלעגן בשותּפֿות, יעדערער לויטן באַדאַרף.

צום סוף האָט מיין באַקאַנטער מיר געוויזן די פֿאָטאָגראַפֿישע בילדער, וועלכע זענען געמאַכט געוואָרן ערשט מיט אָנדערטהאַלבן יאָר צוריק פֿון אים און זיין מוטער. —

ער האָט זיך געזעצט אַ פֿאַרמאַטערטער אויף זיין פּריטשע, אים האָט אָנגעהויבן שווינדלען פֿאַר די אויגן.

— נאָך אַ טיפֿוס, — האָט ער זיך פֿאַרענטפֿערט — נישטאָ מיט וואָס צו דערכאַפּן דאָס האַרץ... אפֿשר ווייסט איר צו וועמען איך קען זיך ווענדן נאָך אַ ראַזעוון ברויטל?

אויף דער פּאָדלאָגע איז פֿאַרבליבן אַ קליין בילדל פֿון אַ יונגער שיינער פֿרוי. ער האָט עס אויפֿגעהויבן, מיר דערקלערנדיק:

— דאָס איז מיין שוועסטער, אַ דענטיסטין, האָט געוווינט אין לוואָוו. אָבער מיר ווייסן נישט איינער פֿון צווייטן.

* * *

כאָטש די פֿאַקטן פֿון באַגנבענען טויטע זענען געוואָרן אַן אַלטעגלעכע דערשיינונג, דאָך בין איך שטיין געבליבן פֿאַרבליפֿט, קוקנדיק, ווי אַן אַלטע היטכוווקסיקע „באַבאַ-יאַגאַ“ שלעפּט אַראָפּ פֿון אַ געפֿאַלענער „פּונקט-מיידל“ איר סוועטער און שיך — אינמיטן דער גאַס... דורכגייער זענען שטיין געבליבן, פּראָטעסטירנדיק. דאָס פּנים פֿון דער אַלטער האָט דערמאָנט, מיט איר נאָז און אויגן, אַ ווילדן שפּאַרבער, וועלכער וואַרפֿט זיך אויף זיין רויב מיט גזלנישן ברען אין אַ ליכטיקן טאָג.

ערשט מיט 2 טעג צוריק (20.11.41) איז פֿאָרגעקומען אַ אומבאַדייטנדיקער עפּיזאָד. צום „פּונקט“ דזיעלנע 61 איז צוגעפֿאָרן אַ ריקשע, און דער פֿורמאַן האָט אַראָפּגעלאָדן אַ מערקווירדיקע משׂא — אַ יונג מיידל מיט אַן אויסגעצויגענעם בלאַסן פּנים, צוריקגעשיקט פֿון שפּיטאָל נאָך אַ טיפֿוס.

אזוי ווי דער „פּונקט“ אויף דזשיעלנע האָט דורך דער צייט אויפֿגעהערט צו עקזיסטירן, איז די „משׂא“ ווידער אַרויפֿגעלאָדן געוואָרן, דער פֿורמאַן האָט

פארקערעוועט אין דער ריכטונג צו גענשע. דאָ האָט ער דאָס מיידל „אויסגע־שאָטן" אין א הויף (נר. 11) ווי א הויפן מיסט. אין די פונקטן פון הויף האָט זיך אָבער קיינער צו דער עלנטער נישט געוואָלט אָנערקענען. איז זי ארומגעקראָכן פון פרימשע צו פרימשע, זיך געבעטן מיט א הארציקן אָנגענומען קול:

— הארציקע, גוטע מענטשן, איך בין איינע פארבליבן פון א גאנצער משפחה, לאָזט מיר זיך דערווארעמען, זיך איינטוליען, עס ווארפט מיך אין קעלט...

אָבער קיינער האָט איר נישט געשענקט — נישט קיין טייל פון זייער זופ, נישט קיין פלאץ אין א בעט. די נאכט האָט זיך אָנגערוקט מיט פראָסטיקן ווינט־געוואָי דורך די אויסגעהאקטע שויבן פון קאלטן „פונקט". אין א ווינקל אויף דער ערד איז זי געלעגן, א מענטשן־קנויל מיט קאנקנדיקע ציין און קרעכצנדי־קער ברוסט. מיטאמאָל א געזאנג:

— „אויף אייביק, אויף אייביק וועלן מיר זיך שיידן...".

און דאָס מיידל האָט אָנגעהויבן טאנצן, אין עלאסטישע שפרינג. דאן איז זי אנטשוויגן געוואָרן, זיך אראָפּגעלאָזט אויף דער ערד מיט א טיפן אינערלעכן קרעכץ.

דער פרימאָרגן־שטראל האָט באלויכטן איר טויטן גוף, אָבער איר מאנטל איז אויף איר לייב נישט געווען און אויך נישט די שיך.

מיין באקאנטער חבר מ., וועלכער האָט בייגעוווינט דעם פאל, האָט פארענט־פערט די „חברה".

— אַז סיי ווי סיי, פאַרן טויטן איז איינס און דאָסזעלבע, אַז סיי ווי סיי וועלן די קליידער אראָפּציען פאר זיך די לייט פון כלי־קודש.

— „אָבער א נבלה איז געשען, — האָט מ. זיך געמיט צו בארואיקן זיין געוויסן — יאָ, אמת, יעדערער פון אונדז האָט דאָך מורא פאר אן אָנשטעקונג... אָבער די פארוואלטונג... ווו איז דער גוטער ווילן פון דער באצאָלטער באדי־נונג? — — —

ווי שוין דערמאָנט, איז דער „פונקט" אויף דזשיעלנא 61 ליקווידירט גע־וואָרן. מעדזינסקין האָב איך דערביבער לויט זיין ביזאיצטיקן אדרעס נישט געפו־נען. איך האָב זיך דערוווסט, אז ער איז מגולגל געוואָרן אין א פונקט, וועלכער געפינט זיך אין אַ לאָקאל פון אַ בית־המדרש אויף גענשא 11. איך האָב אים געטראָפן א צעטומלטן, א ליגנדיקן אין בעט אין זיין אָנטון. ווייל נישט קוקנדיק אויפן קאלטן און נאסן נאָוועמבער, האָבן געפעלט אין לאָקאל שויבן, דער ווינט האָט ארייגעשפריצט שניי און גוס־רעגן דירעקט פון די הימלען.

— וואָס אמאָל גייט עס צו ערגער, — האָט מ. זיך געקלאָגט — די זופ ווערט פון טאָג צו טאָג שיטערער... אָנשטאָט 6 לעפל באקומסטו 4 אָדער 3...

אזוי ארום איז סוף־כל־סוף אויך דער וועלטענער גייסט־מענטש אראָפּגעפאַלן צו דער מדרגה פון מעסטן די טיפקייט פון דעם טעלער און די שטייפקייט פון דעם געריכט.

— מען האָט מיך באַגנבעט, — האָט ער זיך ווייטער געקלאָגט — דאָס לעצט ביסל וועש פון אונטער די הענט ארויסגענומען... יעדער איינער פון אונדז ווערט פארוואַנדלט אין זיין אור־באָבען, די מאַלפּע. מען פארלירט דאָס מענטש־לעכע אויסזען און אויך דאָס געפיל.

ער האָט זיך דערמאָנט וועגן צוועק פון מיין באַזוך.

— יאָ, וועגן גירוש פון שעראַדז. איך וואָלט געוואָלט לאָזן נאָך זיך אַ דאָקו־מענט. זאָל זיך עמעצער אריינטראכטן אין אונדזערע איבערלעבונגען. א דאָקו־מענט פאר דער צוקונפט, זאָל דער צוקונפטיקער דור זיך פארטיפן אין מהות פון אונדזערע ליידן. זאָלן כאָטש אונדזערע אייגענע פארמעגלעכע ברידער פון ווארשע אמאָל באַגרייפן, וועלכע פונקען עס גליען אין די הערצער פון די „שנאָ־רער“, וואָס האָבן זייערע לעבנס פארענדיקט ווי מצורעים אויף נאַקעטע פריי־טשעס פון פארלייזיקטע „פונקטן“.

— עס איז שווער צו אנטרינען פון טויט בעת אזא בלוטיקן קריג, — האָט ער זיך ווי אָן עפּעס דערמאָנט — אָנפאַנגס האָבן מיר אלע געגאַרט נאָך א רו־איקן ווינקל אויפן ערד־קוגל, צו אנטרינען פון דעם דריקענדיקן קאָשמאַר, אזא אָרט איז אָבער געווען בלויז אויפן בית־חיים...

— אויפן וואונטש פון א זעלנער זענען דערשאָסן געוואָרן 85 יידן אין אונ־דזער, זלאָטשעווער, שול. איינער א פארוואונדעטער האָט, דערפילנדיק די דער־נענטערונג פון סוף — געפרוווט צו אנטלויפן... איבערן חרובן שטעטל האָבן אָפּ־געהילכט זיינע טריט — אין מיטן דער נאכט — איבער טויטע אָפּגעמעקטע גאסן. ער איז געלאָפן אין דער ריכטונג צום בית־עלמין, האָט אים אויסגעמיטן, נאָך אים נאָך זיין קינד מיט א שלאָכצנדיקן געוויין... אויפצומאַרגנס האָט זיין ווייב אים געפונען אויף א ווייטן פעלד, לעבן אים זייער 2־יעריק קינד, וואָס האָט נישט אויפגעהערט צו וועקן דעם געשטאָרבענעם טאַטן:

— גענוג שוין צו שלאָפן...

— אויך מיך וועט נישט מיידן דער אורטייל, — האָט מ. אויסגעפירט, און ער האָט ווייטער דערציילט:

— מיין פריינד ג., וועלכער וווינט הייגט אין לובלין, האָט געגראָבן א קבר פאר 12 מאַן (זיי זענען געוואָרן דערשאָסן צוליב אַ קאַפּריז פון אַ יון), און נאָך איינעם פאר זיך אליין. די 12 יידן האָט ער טאַקע פארשאָטן, אָבער זיין אייגע־נער קבר איז פארבליבן א פרייער — צוליב דעם זעלבן קאַפּריז... מיין פריינד איז פארבליבן ביים לעבן. אָבער וואָס איז די פעולה, אז סיי ווי סיי אנטגייט ער פון הונגער.

— יאָ, — האָט מערזינסקי זיך דערמאָנט — איך וואָלט געוואָלט נאָך זיך איבערלאָזן א דאָקומענט פאַר דער צוקונפט. זאָל דער קומענדיקער דור אָפּ־שאַצן אונדזערע ליידן ווי אויך די רציחות פון דער פינצטערער מאכט.

מ. האָט אריינגעקוקט אין זיינע נאָטיצן, זיך דערמאָנענדיק:

— אין טאָג פון קריגס־אויסברוך האָבן די יידן פון וויעלון פארפולט אונ־דזער שטעטל. זיי האָבן דערציילט, אז זיי לויפן פון פייער. מיר האָבן די פאַר־אומגליקטע אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס, מיט ברויט און פרייטיק־אָוונטדי־קער מאָלצייט. אויפצומאָרגנס — מיר מערקן: אונדזער פּאָליציי אנטלויפט פון דער שטאָט. מיר — נאָך זיי, איבערלאָזנדיק אין געאייל האָב און גוטס. די וויע־לונער נאָך אונדז. אויף די טישן פארבלייבט דער שבתדיקער טשאָלנט, וואָס מיר האָבן געהאט פאַר זיי אָקאָרשט צוגעגרייט. מיר לויפן, וווהין? אז דער וועג איז אָפּגעשניטן פון אלע זייטן. אין לאָדזש פאלן מיר אריין אין די הענט פון די דייטשן... איצט ווערן אונדזערע טריט אומזיכער. מיר גייען צוריק צו אונדזער ליבן שטעטעלע. אָבער איך דערוויס זיך אונטערוועגס, אַז מיין וווינונג איז צו־זאמען מיט דער איינריכטונג און האָב־און־גוטס אַוועק מיטן רויך.

פון דאן אָן פארבלייב איך אין שעראדז מיט מיין הויזגעזינט. פון דאן אָן הייבט זיך אָן די תקופה פון גלות און וואָגלעניש. די מדרגות פון בושה, פון ווייַ־טיק און דערנידערונג.

— שעראדז. ווי איצט שטייען מיר פאַר די אויגן וואָכן פון פייניקונג. „בראנדן" אויף די הויפט־גאסן איבער אונדזערע לייבער. די פארשמוצטע קאַ־זארמען, ווו אונדזערע לייבער זענען געווען צונויפגעקוועטשט ווי געפאנגענע הינט, פון וועלכע אַ היצל האָט לעבעדיקערהייט געשונדן די פעל צוזאַמען מיטן פלייש.

— אָט זענען מיר שוין קנאפע דריי וואָכן אויף דער רייזע. מיר פאָרן פון שטאָט צו שטאָט. מיר זוכן א שטאָטראט, וואָס זאָל פריינדלעך אונדז אויפנע־מען, זיך צו אונדז אָנערקענען. מיר זיצן פארשפארטע אין פארדרעקטע פראכט־וואגאָנעם. מיר פאָרן אָן ריכטונג און ציל.

— בלויז איינמאָל האָבן אונדזערע יינגלעך און מיידלעך גענאָסן פון דער פרייקייט, כדי צו לאָזן זיך פאָטאָגראפירן פון דער לוסטיקער וואַך.

— אויפן בלענדנדיקן שניי־פאָן האָבן שעמעוודיקע פריילינגס און בחורים דערליידיקט געמיינזאם א נאטירלעכע באדערפעניש — כדי צו אמוזירן זאָרג־לאָזיקע זעלנער.

— דאָס פעלד איז געווען ווייס פון פרישן בלענדנדיקן שניי, און קלאָר ווייס זענען געווען די האלבנאקעטע לייבער פון די יונגטלעכע — זענען דעריבער די פאָטאָגראפישע אויפנאמען נישט געווען קיין געלונגענע...

— די קינדער האָבן זיך געשעמט צו קוקן איינער דעם צווייטן אין די אויגן, זייערע פּנימער האָבן געפֿלאַמט פֿון בושה. איבערן פֿעלד האָט זיך געטראָגן דאָס ווילדע געלעכטער פֿון די צעיושעטע זעלנער — זיי האָבן געלאַכט פֿון דער וועלט...

— אין אַ לאַנגן פּראַכטצוג זענען געזעסן געפּאַקט פֿיר טויזנט נפשות פֿון שעראַדז. וואָך נאָך וואָך, אָן ריכטונג און ציל, האָט די באַן זיי געפֿירט איבער פּוילישער ערד, ביז זי האָט זיי געבראַכט צום נייטראַלן גרענעץ־פּאַס אויף די פֿעלדער פֿון מאַלקין.

— זעלטן ווער האָט פֿאַרמאָגט בעטציַיג און וואַרעמען אָנטון. עטעך האָט פֿאַרמאָגט אַ שוועבעלע ווי אויך אַ מעסערל צו אָנשניידן צווייגן. זעלטן ווער ס'האָט אָבער באַזעסן פֿעיקייט און געדולד צו מאַכן אַ פֿייער פֿון דעם נאַסן געהילץ מיט פֿאַרפֿרוירענע הענט. ענדלעך איז געלונגען דאָס פֿייער אויפֿצובלאָזן. די מענטשן האָבן מיט פֿאַרוווּנדערונג זיך אָנגעקוקט, ווי פֿרעגן זיך איינער בײַם צווייטן:

— ווער זענען מיר? ווער האָט אונדז פֿאַרטריבן פֿון אונדזערע היימען? וואָס טוען מיר דאָ אונטערן נאַקעטן הימל? און וואָס וועט זײַן אונדזער סוף?

— דאָס פֿייער האָט פֿריילעך געקנאַקט און דערוואַרעמט די אברים. די מענטשן האָבן זיך דערפֿילט ווי שיפֿסבריכיקע, ווען זיי דערזען פֿון דער ווײַטנס אַ פֿרײַנדלעכע שיף, וואָס איז גרייט זיי אויפֿצונעמען אין געפֿערלעכסטן מאָמענט, פֿאַר דער פֿולער דערשעפּונג.

— אַזוי האָבן פֿײַערן געפֿלאַמערט אין קיינעמס לאַנד. שוצלאָזע מענטשן האָבן זיך געטוליעט אַרום פֿלאַמען, ווי זייערע האַלב־ווילדע זיידעס אין פֿאָרהיס־טאָרישן אורוואַלד, וואַכנדיק מיט אָנגעשפּיצטע אויערן, ווײַל אַ ליאַדע מינוט קענען אָנלויפֿן בעסטיעס צו זויגן דעם קליאָק פֿון זייערע ביינער און פֿלייש.

אָבער דער קול פֿון דעם פּאָסטן האָט געדונערט:

— פֿאַרלעשן דאָס פֿייער, צעוואַרפֿן דעם סטאָס...

ווידער איז פֿאַרלוירן געגאַנגען די האָפֿענונג אויף רעטונג. ווי בײַ מענטשן, אויף אַ גליבע פֿון אײַז, וואָס טראָגט זיך מיטן ווינט אין דער ריכטונג פֿון טויט.

אַ טאָג נאָך אַ טאָג. דער הימל איז קלאָר, און קלאָר איז דער שניי. קיין רע־טונג וויל פֿון ערגעץ נישט אָנקומען. אָט ווירבלט זיך דער שניי אין אַ קאָראָהאָד. אַ צפֿון־ווינט פֿאַרשאַרפֿט די קעלט. אָט טוליען זיי זיך איינער צום צווייטן ווי שאָף, יונג און אַלט אין אַ קנויל, כּדי זיך צו דערוואַרעמען. אַ פֿרוי בעט זיך:

— ליבע מענטשן נעמט אַרײַן מײַן קינד אינדערמיט, מײַן איינציקן זון, ער זאָל נישט פֿאַרגליווערט ווערן.

אַ פֿריילין צעוויינט זיך:

— מײַן חתן וועט נישט וויסן וווּ מײַן געביין וועט אַהינקומען, גיט מיר אַ פּלאַץ...

די מאַמעס רייבן די גופים פון די קינדער, זיי זאָלן נישט איינשלאָפן אין אייזיקן שוים פון דער נאַטור מיטן קרעפטיקן שלאָף, פון וועלכן ס׳איז נישטאָ קיין דערוואַכונג. פראָסט־צוויטן שפּראָצן אויף זייערע לייבער. נאַכט. צווישן הימל און ערד. ווי פאַרשטיינערטע ליגן זיי אין שטיל־שווייגן, שלינגען איין אין פאַר־שטאַרונג דאָס נאָגן פון ווינט. א קנאַקן פון ציינער דערמאָנט אָן סכנה און גרויל.

שעראַדזער יידן האָבן באַגעגנט דאָס ניי־יאָר 1940 אויף דער פאַרשנייטער גרענעץ פון צווישן צוויי וועלטן — און קיין איינע פון די וועלטן האָט זיך צו זיי נישט געוואָלט אָנערקענען.

— אין איינעם פון די עטאַפּן פון אונדזער ארומוואַלגערונג, — האָט מ. אָנגעהויבן פון דאָסניי — האָט די באַן אונדז געבראַכט פאַר די בערג פון סאַנ־דאָמיעזש. די צעשטערטע אייזערנע באַן־בריק האָט זיך גראָד געהאַלטן אין בויען. כדי אויסצופּרוון די שטאַנדהאַפטיקייט פון דעם בוי, האָט אונדזער מאַ־באָר זיך אַוועקגעקוויקלט איבער די שינעס. די בריק־באַלקנס האָבן געקראַכט, גע־דראָט מיט איינשטירצן, די 50 וואַגאָנעס — דעם לאָקאָמאָטיוו האָט דער מאַ־שיניסט אָפּגעמשעפּעט — האָבן א ליאַדע רגע געקענט אַראָפּזינקען אינדערנידער מיט זייער לעבעדיקן באַלאַסט.

— אויף דער גרענעץ האָט מען אונדז געהאַלטן 10 מעת־לעת, — האָט מ. באַריכטעט פון די פּרטים — אָנפאַנגס האָבן מיר געדענקט, אז מיר האָבן דאָס רעכט זיך פריי צו באַוועגן, ביז מען האָט אונדז באַפוילן אַלע ביז איינעם צוריק־גיין צו דער באַן.

דער לעצטער עטאַפּ פון אונדזער מאַרטירער־וועג האָט זיך אָפּגעשפּילט אין אָסטראָוו. קיין אָסטראָוו האָט דער לייטער פון דעם צוג אונדז געבראַכט, כדי דאָרט צו פּייניקן אין די גראָמע קעלערן פון דער דאָרטיקער ביר־ברויעריי. 6 טעג נאָכאַנאַנד האָבן געאַרבעט די קיל־מאַשינען מיט דער פולער קראַפט — צו שאַפן א טעמפּעראַטור פאַר פאַרקילונג...

א ריזיקער דייטש, מיטן נאָמען הײנריך, האָט באַוויזן גבורות איבער אונ־דזערע פּלייצעס, געזידלט אונדז: „שמוגלער, גנבים, באַנדיטן“.

— דו און דו...

אויף די „אויסדערוויילטע“ האָט ער געדרייצט א ריזיקן הונט, וואָס האָט געצופּט שטיקער פלייש פון זיי. עס איז געשטאַנען א סכנה צו ווערן צעריסן פון דער אויסדרעסירטער חיה.

— יעצט דו, און דו...

ווען די ריי איז געקומען אויף מיר, האָב איך באַשלאָסן צו איבערצייגן דעם גולמדיקן ריז:

— מיר זענען נישט קיין שמוגלער, וועלכע האנדלען ביי דער גרענעץ, און נישט קיין באנדיטן... מיר זענען אומגליקלעכע מענטשן, ארויסגעוואָרצלטע מיט געוואלד פון אונדזערע היימען אויפן באפעל פון דער מאכט...

— מיין קאָפּ איז געווען איינגעשטעלט צו ווערן צעפּלעט, דער כלב האָט געשיקלט מיט זיינע רויטע אויגן, געגאַרט אויף א ווונק פון זיין אלמעכטיקן באַלעבאָס. צום גליק האָט איינער פון די זעלנער באשטעטיקט מיינע רייד:

— יא, יא, עס שטימט. עס איז וואָר, די זינד קיינע שמוגלער...

היינריך... ער האָט געהאָלפן די געפּייניקטע ארומצוואַשן די וווּנדן, זיי געהאָלפן צו שלעפּן די פּעקלעך... ווייל ווידער זענען מיר געטריבן געוואָרן צו דעם צוג — ער האָט געוואַרט אויף דער סטאַציע...

— ניי־יאָר. 12 ביינאכט. מיר האָבן עס געפּילט. מיר האָבן אויך פארשטאַנען צוליב וואָס מיר זענען דאָ אויף דער באַן. צווישן די פרישע שלעגער האָב איך אָבער נישט געזען דעם ברוטאַלסטן, היינריכן מיט זיין שרעקלעכן הונט. אין דער פרישער וואַקכאנאַליע האָט דער ריז נישט אָנטיילגענומען...

מ. האָט אריינגעבליקט אין זיינע נאָטיצן.

— היינריך... אָט שטייט ער פאַר מיר אין מיין דמיון. די ברוטאַלע קראַפט, וועלכע איז געקומען אלס רעזולטאט פון א באַפעל און זיין בלינדן אויספיר. די גוטמוטיקייט אין מאָמענט פון זיין זעלבשטענדיקן אויסלעבן זיך, וועלכע קען אָבער א ליאַדע מינוט אָפּטרעטן איר פּלאַץ פאַר דער גולמדיקער טאַט — דאָס איז עס, דאָס געשטאַלט, וואָס רופט זיך „טויטנשלעגער“, קנעכט און האַר אין איין פּערזאָן. דאָס איז ער, דער פּאָגראָם־העלד, אויסוווּרף און בעסטיע... גלייכצייטיק דער שטרענגער „אַפּאָסטאָל“ פון אַן אייגנטימלעכער „גערעכטיקייט“.

— איך וועל קיינמאָל נישט פארגעסן די הארציקע אויפנאַמע פון אונדזערע ברידער אין סאנדאָמיעזש, — האָט מעדזינסקי ווייטער באריכטעט — בעת די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף זייער סטאַציע... דאַקעגן אין אָסטראָוו האָבן מיר נישט געטראָפן קיין אייניאיינציקן יידן.

— אָסטראָוו איז די שטאָט פון טויט, — האָט מעדזינסקים זון זיך אריינגעמישט אין די רייד — אויסגעשאָסן די יידן ביזן לעצטן... א שטאָט וווּ די טויטע פארלאַנגען נקמה פארן אומשולדיקן בלוט.

— מיר פארלאַנגען קיינמאָל נישט קיין נקמה. מיר פארלאַנגען גערעכטיקייט, — האָט דער פאָטער זיך אויפגעריכט — אונדזער בלוט איז תמיד גייטיק געווען דער בורזשואזיע, כדי צו לעשן מיט אים דעם ברענענדיקן היהשן צאָרן פון דעם אָרעמען צעבונטעוועטן המון... פריער אָדער שפּעטער שווימט ארויף דער אמת פון אויבן. דאַן לאָזט מען אונדז רוען א צענדליק יאָרן — ביז דער אפּעטיט פון דער חיה צעשפּילט זיך פון דאָס ניי, און זי פארלאַנגט א קרבן.

— טאקע דערין ליגט די פליכט און אויפגאבע פון באוווסטזיניקן מענטשן, — האָט מ. פארענדיקט — צו באווייזן דער וועלט, אַז מיר זענען אַן אָפּפער פאר פרעמדע זינד אין עקאָנאָמישן קאַמף צווישן אָרעם און רייך.

מיר האָבן זיך געזעגנט און דאָסמאָל, דאכט זיך, אויף לאנג.

— אפשר קענט איר זיך באמיען איך זאָל קריגן א מלבוש, — האָט מיין פריינד מיך געבעטן — און א ביסעלע מעל... — — —

וואַרשע, געטאָ, נאָוועמבער 1941.

(רינגעלבלום־אַרכיוו, ערשטער טייל, נ' 1465).

ש. שײנקינדער

# אויף די גאַסן

די גאַס שפּיגלט הײנט אָפּ די לײדן פון די ײדישע מאַסן, די פאַרשידענע נגישות און שפּיכת־דמים, מיט װעלכע מיר זענען אַזױ רײך יעדן טאָג. דורכן מויל פון ײדישע הענדלער און בעטלער רײסט זיך אַרױס פון צײט צו צײט אַן אױסגעשרײ, אַ פּראָטעסט קעגן דעם אָקופּאַנט און זײנע גרױליקע מעשׂים. אויך אונדזערע הײמישע ײדישע מושלים װערן נישט געשױנט. דער פּשוטער פאָלקסמענטש טוט דאָס אויף אַן אײגנאַרטיקן אופן: בײם רעקלאַמירן און פאַרקױפן זײנע משטײגס־געזאָגטע סחורות, שמוגלט ער אַדורך געדאַנקען און מײנונגען, צוגעפּאַסטע צו דער הײנטיקער צײט. דער עולם פאַרשטײט די רמזים און עס טוט אים אַ הנאה. ער עפנט גיכער זײן בײטעלע אויף אַרױסצונעמען אַ פּאָר גראָשן.

אײניקע אַזעלכע בילדלעך װעל איך דאָ איבערגעבן.

## א) װאַרפט אַראָפּ די ברודיקע שמאַטעס!

שטײט אַ בחור אויף דער גאַס און רעקלאַמירט זײנע „אָפּאַסקעס“:

— װאַרפט אַראָפּ, ײדן, די ברודיקע שמאַטעס פון די אַרבל און קױפט נײע, ציכטיקע אָפּאַסקעס פאַר 25 גראָשן!

ער גיט אַ װוּנק מיט אַן אײגל צום עולם און שרײט װײטער:

— פרישע אָפּאַסקעס, ײדן, האַנדלט זײ גיכער אײן, װעט איך בלײבן אַ שײנע „פּאַמיאָנטקע“!

און װען דער פאַרזאַמלטער עולם פון װײטנס שמײכלט, רופט דער בחור מיט מער אײפער:

— מײנע אָפּאַסקעס זענען װײסע און רײנע, מיט זײ איז נאָך קײנער נישט אַרײן אין דער גמינע, נישט געשיקט אױפן „אָבוז“, מײנע אָפּאַסקעס זענען קײן

מאָל נישט געווען אויף די הענט פון אונדזער י.ס.ס.[1]=כלל-טוער, קויפט, יידן, ציכטיקע אָפּאַסקעס פאר 25 גראָשן, וואַרפט אראָפּ די שמוציקע שמאַטעס פון אייערע ארבל!

## ב) קינדער־לידער

קינדער פארלאָזטע, הונגעריקע מיט מאַמעס און אָן מאַמעס, אין שמאַטעס איינגעהילטע, ליגן אויף אַלע גאַסן און שטרעקן צו די פאַרבייגייער דארע הענטלעך און בעטן, בעטן. זינגען לידלעך, גוישע, יידישע און וויינען:

— האָט מיטלייד, ליבע מענטשן, און שענקט אויף א שטיקעלע ברויט!

ענג איז אויף די גאַסן, טרויעריק איז אויף די נשמות, דער פּחד שוועבט אַרום אומעטום, די טויערן פארמאכן זיך, און מיר בלייבן דאָ וויינען מיטן הונגער, מיטן טויט.

לויפן מענטשן ווי שאָטנס פארביי, מיט פּעק און פּעקלעך, פארפּאָלגטע, איילן זיי וואָס שנעלער. זיי לויפן פאַרביי און באַמערקן נישט די דארע קינדערשע הענטלעך, הערן נישט דאָס שטילע אָכצן און געבעט פון די קינדער.

אויף א גאַס אַנטפּלעקט זיך אַזאַ „על נהרות בבל"=בילד: קינדער אין זיצנדיקער און ליגנדיקער פּאָזע, הענטלעך און פּיסלעך געפלאָכטן צוזאַמען, זינגען א לידל אַזוי:

„מיר האָבן נישט אויף קיין „זאַפּאַסן",
מיר וויינען אין א קעלער אַ נאַסן,
מיר דאַרפן נישט קיין צוקער, קיין שמאַלץ,
גיט אונדז א שטיקל טרוקן ברויט און זאַלץ".

## ג) לאַכט, יידעלעך, לאַכט!

אויפן וואַרשעווער לשון הייסט עס ליכט אויף שבת.
שטייט אַ ייד מיט אַ פּודעלע ליכט, אַזאַ „גרוים=אינדוסטריעלער" און רופט:

„לאַכט[2], יידעלעך, לאַכט, פאר א „צוואַנציקאָ"!
זיי ברענען היינט ביי טאָג און בייַנאַכט אָן רחמנות,
לאַכט, יידעלעך, לאַכט!"

ווען אויפן שמאָלן געסל זאמלט זיך א שמייכלדיקער עולם צונויף, רופט דער קרעמער העכער:

---

[1] יידישע אַליינהילף — רעד.

[2] א ווערטער־שפּיל: „לאַכט" — ליכט, און לאַכט — פון וואָרט: — לאַכן — רעד.

„קויפט יידעלעך, קויפט, און זאָלן זיי ברענגען צו יאָרצייט און אויף שמחות, צו מזכיר־נשמות, און אַז גאָט וועט העלפן, — אויך צו מזכיר־נבלות! לאַכט יידעלעך, לאַכט, פֿאַר אַ צוואַנציקאָ, און זאָלן שוין זיין שמחות ביי יידן!“
אַזאַ פֿאַרשפּראָכן ליכטל קויפט יעדער גערן.

## ד) דער בוך־הענדלער

פּערל פון דער וועלט־ליטעראַטור ליגן אויסגעמישט אין אַ שמוציקן קויש — אַלץ צו 50 גראָשן.

דער בוך־הענדלער, אַן אינטעליגענטער יונגערמאַן, מיט אַ בלייך פּנים, האַלב־פֿאַרלאָשענע אויגן, פּאַסט צו די ביכער פֿאַר די פֿאַרשידענע קונים.

„האַללאָ, רב ייד, — ווענדעט ער זיך צו איינעם — איר דאַרפט קויפן אומבאַדינגט דאָס בוך „הונגער“ — נאָר פֿאַר 50 גראָשן“.

„און איר היימלאָזער, — ווענדעט ער זיך צו אַ צווייטן — איר זייט דאָך פֿון לובלין אָדער סלאָוואַטיטש, טאָ קויפט זשע „די שחיטה־שטאָט“!

„קויפט יידן מציאות! גאַנץ מענדעלע פֿאַר גראָשנס! וואָס טויג אייך פֿטרן אַ זלאָטע צו קומען אויף גזשיבאָווסקע אָדער טלאָמאַצקע[3]? פֿאַר דעם זעלבן געלט האָט איר „דאָס קליינע מענטשעלע“ און „די טאַקסע“ ביי זיך אין דער היים!!! קויפט, יידן! די בעסטע ביכער: „קייטן“, „רויבער“, „הינטער די קראַטן“, „זיין קראַמף“, „ביים גוסס צו קאָפּנס“ — אַלץ צו 50 גראָשן!“
דער עולם פֿאַרשטייט און שמייכלט...

**שין.**[4]

וואַרשע, געטאָ, 1941.

(רינגעלבלום-אַרכיוו, ערשטער טייל).

---

[3] אויף גזשיבאָווסקע איז געווען דער יודענראַט, אויף טלאָמאַצקע 5 — דער „זשיטאָס“ (ייד. געזעלשאַפֿט פֿון סאָציאַלער הילף) — רעד.
[4] וואַרשעווער: שוינקינדער.

יהושע פערלע

# חורבן ווארשע

היינט, דעם 31 אויגוסט 1942, ווען איך הויב אָן די דאָזיקע אין בלוט און אין טרערן געטונקענע שורות, האָט זיך געשטעלט דער פערציקסטער טאָג, זינט די מערדערישע היטלעריסטישע הינט — צוזאַמען מיט די נידערטרעכטיקע אויסוורפן, וואָס מען רופט יידישע פּאָליציי — פּאַרטיליקן און ברענגען אום אויף אַן אַכזריותדיקן אופן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון ווארשעווער געטאָ.

דאָס ווארשעווער געטאָ, ארומגעצוימט פון אלע זייטן מיט ווייסטע מויערן, וואָס די יידישע קהילה האָט געשטעלט פאַר איר געלט, האָט ביזן 22 יולי 1942 געציילט אַן ערך פון דריי הונדערט און פופציק טויזנט נפשות. מען האָט זיך געשטיקט און געוואָרגן אין די ענגע, פאַרברודיקטע, חושכדיקע גאַסן.

דער טיפוס, וואָס האָט געבושעוועט א גאַנצן ווינטער, האָט געשניטן, ווי מיט קאָסעס, דער הונגער האָט צוגענומען פון פיר ביז פינף טויזנט יידישע נפשות א חודש. די היטלעריסטישע הינט האָבן געשאָסן און אומגעברענגט מענטשן יעדן אנדערן טאָג, פונדעסטוועגן האָבן יידן געלעבט (א קליינער פּראָצענט — גוט געלעבט) און נישט פארלוירן דעם בטחון, אז סוף-כל-סוף וועט מען דעם משוגענעם הונט, דעם וועלט-מערדער איבערלעבן.

איז אָבער געקומען א שווארצער טאָג, דער שווארצסטער אפשר אין דער גאַנצער יידישער געשיכטע — דער טאָג פון 22 יולי 1942...

ס'איז נישטאָ די פעדער, וואָס זאָל בכח זיין אויסצושרייען אונדזער גרויסע בראָך. ס'איז נישטאָ דער דיכטער, נישטאָ דער נביא, וואָס זאָל זיין אימשטאַנד אויסצוקלאָגן די קלאָג פון אונדזערע מאַמעס, ביי וועלכע מען האָט אין מיטן העלן טאָג אוועקגעריסן זייערע קינדער — און אומגעברענגט, ווי מען ברענגט אום שטשורעס.

און אויב איך וויל פֿאַרצייכענען די דאָזיקע שרעקלעכע שורות, איז עס דערפֿאַר, ווייל איך ווייס נישט, צי עס וועט נאָך עמעצער בלייבן, וואָס זאָל עס דערציילן. איך ווייס אויך נישט מיין אייגענעם גורל.

ביז היינט איז שוין אומגעקומען צוויי מאָל הונדערט טויזנט יידן — אַלטע און יונגע, פֿרויען און קינדער. דער גורל פֿון די איבערגעבליבענע הונדערט און פֿופֿציק טויזנט איז אויך אַ געחתמעטער. הלוואי כ'זאָל זאָגן ליגנס, אָבער לויט ווי עס גייט, וועט קיין איינער פֿון אונדז נישט בלייבן צווישן די לעבעדיקע.

איך וויל דעריבער, אַז די גרויסע וועלט (אויב אַזעלכע איז נאָך ערגעץ וואו דאָ) זאָל כאָטש אין אַ געוויסער מאָס געוואָר ווערן, ווי אַזוי... מ'האָט אונדז אויסגעשאָכטן.

אויב מיינע שורות וועלן זיין באַטיש, אויב די דאַטעס וועלן נישט אינגאַנצן שטימען, זאָל מען מיר מוחל זיין. איך ווייס אַליין נישט, ווי אַזוי איך קאָן נאָך האַלטן אַ פֿעדער אין דער האַנט.

אייגנטלעך האָט זיך דאָס וויסטע אומגליק אָנגעהויבן שוין דעם 17-טן אַפּריל 1942. ס'איז געווען דעמלט פֿרייטאָג. אין גאַס האָבן זיך פֿאַרשפּרייט זייער אומרואיקע קלאַנגען. אויף קלאָר האָט מען גאָרנישט געוווסט. אָבער שוין זעקס אַזייגער פֿאַרנאַכט האָט זיך די יידישע באַפֿעלקערונג באַמיט צו זיין אין דער היים. די גאַס האָט אויסגעזען, ווי ערב-יום-כּפּור פֿאַר „כּל נדרי". אַ פּחד, אַן אימה איז געלעגן אויסגעגאָסן אויף די מענטשלעכע פּנימער, אויף די אָפּגעריסענע טראָטואַרן, אויף די אָפּגעשלאָסענע הייזער, און אַפֿילו אויף די מחנות הונגעריקע בעטלער, וואָס זענען באַצייטנס אַנטלאָפֿן אין זייערע לעכער אַריין.

און אין מיטן דער נאַכט פֿון פֿרייטאָג אויף שבת האָט עס זיך אָנגעהויבן. די דייטשישע תליינים זענען פֿאַרפֿאָרן אין יידישן געטאָ, אָנגעקלאַפּט אין דעם, אָדער יענעם טויער, (אויב דער סטרוזש, אַ יידישער, פֿאַרשטייט זיך, האָט אַזוי גיך דאָס טויער נישט געעפֿנט — האָט מען אים אויפֿן אָרט דערשאָסן).

די תליינים זיינען אַריין אין יידישע שטובן, אַרויסגעשלעפּט עטלעכע און פֿופֿציק יידישע מענטשן, מענער און פֿרויען, באַפֿוילן אַראָפּגיין אויף דער גאַס, געהייסן מאַכן עטלעכע טריט פֿאָרויס און פֿון הינטן געשאָסן אין קאָפּ אַריין. אויף יעדער גאַס כּמעט איז געלעגן אַ דערשאָסענער, — געלעגן, אַזוי ווי אַ געפּגרטער הונט.

פֿיר און פֿופֿציק הרוגים האָבן זיך געוואַלגערט אין די רינשטאָקן. פֿיר און פֿופֿציק לוויות האָבן זיך צונויפֿגעמאַרגנס, באַהאַלטענערהייט געשלייכט צום גענשער בית-עולם, וואָס געפֿינט זיך אויסערן געטאָ — און מען מוז האָבן אַ ספּעציעלע ערלויבעניש אַהין אַריינצוקומען.

פֿון יענעם פֿרייטאָג צו נאַכטס אָן — האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אויסמאָרדעווען די יידישע באַפֿעלקערונג אין מיטן דער נאַכט.

נישט געווען די נאַכט, עס זאָלן נישט אומקומען א צענדליק מענטשן — פון פארשידענע קלאַסן און פארשידענע פּראָפעסיעס.

פון הינטערן פּלויט אָפּער האָבן די היטלעריסטישע הינט געשאָסן אין מיטן דער גאַס אין קאָפּ אַריין. געלאָזט דעם הרוג נעבן א טויער, אָדער אין רינ־שטאָק און אליין נעלם געוואָרן. די יידישע לויה־אַנשטאַלטן, וואָס זיינען געוואַקסן, ווי שוואָמען נאָך א רעגן, האָבן אָפּגערוימט די הרוגים. די יידישע סטרוזשעס האָבן אָפּגעוואַשן דאָס בלוט — און די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג (צו אונדזער גרויסער שאַנד און חרפּה) האָט אָפּגעווישט דאָס מויל און ווייטער געלעבט. אויסטערליש געלעבט. די שמוגלערס, למשל, די בעקערס, פארשידענע ספּעקו־לאַנטן און אונטער־וועלט־מענטשן, וואָס זיינען עולה־לגדולה געוואָרן, האָבן געלעבט פארשווענדעריש, פּאַרדיסן, גראָב־יונגיש. דער איבעריקער טייל, דאָס הייסט 99 פּראָצענט יידן זיינען געשטאָרבן אין די גאַסן פון הונגער (בוכ־שטעבלעך), פארשניטן געוואָרן פון טיפוס און דעסגלייכן.

ביז ס'האָט זיך ווידער פארשפּרייט א ביטערער קלאַנג: אויף דער גרענעץ פון יידישן געטאָ און פון דער אַרישער זייט איז דערהרגעט געוואָרן א היטלעריס־טישער זשאַנדאַר. ווער ס'האָט אויסגעפירט דעם מאָרד, איז נישט געווען באַ־קאַנט. אָבער שולדיק דאַרפן זיין די יידן. איז ווידער געפאַלן אַן אימה. מען האָט זיך ווידער געריכט אויף עפּעס. און ווירקלעך זיינען געקומען די געסטאַפּאָ־לייט אין דער יידישער קהילה און געהייסן אויסגראָבן א קבר אויפן יידישן בית־עולם פאַר 200 מאַן.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן, וואָס ס'האָט זיך געטאָן אין די יידישע הייזער. יעדער ייד האָט זיך געריכט צו זיין איינער פון די 200.

און אז ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט, זיינען די דייטשישע רוצחים געקומען אין דער יידישער תפיסה (אזעלכע איז אויך געווען אין געטאָ) און אויסגעקליבן 100 יונגע יידן, צווישן זיי א סך קינדער. (זייער חטא איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבן זיך אַריבערגעקריגן אויף דער אַרישער זייט בעטלען, אָדער קויפן עפּעס צו עסן). די 100 יידן האָט מען פריער מערדערלעך געשלאָגן, דערנאָך אוועקגעפירט אויפן פּראַגער בית־עולם און דאָרט ביז איינעם דערשאָסן. 100 אומבאַקאַנטע קדושים זיינען אומגעקומען פאַר גאָרנישט און פאַר נישט. צו־מאָרגנס האָט זיך אויף די מויערן פון געטאָ באַוויזן אַן אומפארשעמטער ציני־שער, פארברעכערישער פּלאַקאַט, אונטערגעשריבן פון קאָמיסאַר פאַרן יידישן געטאָ אויערסוואַלד, אז אין דער און דער נאַכט זיינען דערשאָסן געוואָרן 100 יידן, ווייל זיי האָבן געשטעלט א ווידערשטאַנד דער מאַכט און זיינען באַגאַנ־גען אקטן פון סאַבאָטאַזש. אויב דאָס וועט זיך נאָכאמאָל איבערחזרן, וועלן אָנ־גענומען ווערן לגבי יידן נאָך שטרענגערע מיטלען.

יידן האָבן ווידער אָפּגעווישט דאָס מויל, און די נאכט־מאָרדן האָבן נישט אויפגעהערט. אין ד ע ר שטוב אכט מענטשן, אין י ע נ ע ר שטוב 10 מענטשן. די רוצחים זיינען געקומען מיט רשימות פון נעמען, אויב מען האָט נישט געטראָפן דעם, וועמען מען האָט געזוכט, האָט מען אין איין וועגס אנידערגעלייגט אנדערע, וואָס האָבן זיך געפונען אין שטוב. עטלעכע מענטשן האָט מען אראָפּגעוואָרפן פון די פענצטער. א שאָד געווען קאַליע צו מאכן א דייטשישע קויל.

דאָס בלוט איז אָפּגעוואשן געוואָרן. און מען האָט געמוזט לעבן, הילפלאָז און אומעכטיק. די אפאטיע ביי דער יידישער באפעלקערונג איז אזוי ווייט דערגאנגען, אז מען האָט אפילו נישט געהאלטן פאר גוטיק צו פארקריצן מיט די ציין... איבערהויפּט ווערט מען מוזן פאָדערן א דין־וחשבון פון יענע לייט, וואָס זיינען ארויפגעשוומען אויף דער אויבערפלאך, פון די אלע רעדל־פירער, דעה־זאָגער, כלל־טוער און אנדערע בעלי־טובות.

נישט אצינד און דאָ איז דאָס אָרט וועגן דעם צו רעדן. דערווייל האָט זיך אָנגערוקט דער טאָג פון 22־טן יולי 1942. דער פינצטערער טאָג אין דער געשיכטע נישט בלויז פון פוילישן, נאָר פון יודנטום איבער דער גאנצער וועלט.

איר, שוועסטער מיינע און ברידער, וועמען ס'האָט געטראָפן דאָס גרויסע גליק אויסצוּוואנדערן קיין אמעריקע, קיין ארץ־ישראל, קיין ענגלאנד, קיין ארגענטינע — איר אלע, וואָס איר עסט דאָרט צו דער זעט און שלאָפט א רואיקן שלאָף, זאָלט וויסן, אז דאָ אין פוילן, ווו איר האָט איבערגעלאָזט משפחות און קרובים, האָט איר נישט מער קיין טאטעס, האָט איר נישט מער קיין מאמעס — אייערע קינדער זיינען אויסגעשאָכטן געוואָרן — אייערע שוועסטערן, אייערע ברידער זיינען אכזריותדיק אומגעקומען דורך די היטלעריסטישע רוצחים מיט דער הילף פון יידישע און אוקראינישע באנדיטישע פּאָליצייאישע הענט.

אָט אזוי איז עס פאָרגעקומען:

אַ שטיק צייט פאַרן 22 יולי זיינען שוין געגאַנגען בייזע קלאַנגען, אַז מען ווערט די ווארשעווער יידן ארויסשיקן, אזוי ווי מען האָט עס געטאָן מיט די לובלינער, מיט די קראָקעווער, מיט די לאָדזשער און מיט אנדערע יידן.

אויף היטלערן, אויף דער דאָזיקער פארמבולדיקער חיה, איז אלץ צו גלויבן. די סאדיסטישע מיטלען, וואָס ער ווענדט אָן, גייען איבער יעדן מענטשלעכן פארשטאנד. קיין שום פארברעכער, מעג אפילו זיין דער גרעסטער, וועט נישט האָבן אזעלכע בלוטיקע, ראפינירטע איינפאלן...

יידן האָבן פונדעסטוועגן נישט געגלויבט, דריי הונדערט און פופציק טויזנט יידן וועט מען ארויסטרייבן פון ווארשע? וווהין וועט מען זיי טרייבן? וואָס וועט מען טאָן מיט זיי? היטלער איז דען אימשטאנד דאָס דורכצופירן? און צו וואָס דארף ער עס דורכפירן, אז ער צאפּט פון געטאָ צענדליקער מיליאָנען, אז דאָס געטאָ ארבעט פאר אים. אזוי האָבן יידן געטענהט און נישט פאָרגעשטעלט זיך,

אז אויב עס גייט וועגן יידן, איז די ברוינע בעסטיע אימשטאַנד חרוב צו מאַכן די וועלט.

און זי האָט חרוב געמאַכט. ביזן ביין, ביזן וואָרצל.

ווי א דונער פון הימל האָט זיך פּלוצלינג פאַרשפּרייט די ידיעה, אז די געסטאַפּאָ־לייט האָבן ארעסטירט אלע מיטגלידער פון יידישן ראַט (יידישע קהלה — געמיינט).

צום יידישן ראַט, אין שפּיץ פון וועלכן ס'איז געשטאַנען אינזש. א. טשער־ניאַקאָוו — אַ קליינער, גייסטיק־אָרעמער מענטש, האָט אויך געהערט אייגער פון די חשובסטע און ערלעכסטע ווארשעווער יידן, אברהם געפּנער.

א. געפּנער איז געווען דער עלטסטער מיטגליד פון יידישן ראַט. די יידישע באַפעלקערונג האָט אים געהאַלטן בכבודיק. ער איז אויך געווען פּאָרזיצער פון באשפייז־אמט, וואָס האָט פאַרזאָרגט דאָס געטאָ מיט לעבנס־מיטלען. אמת איז, דער באשפייז־אמט איז געווען אן אינסטיטוציע פון גנבה, פון גזלה, פון קאָרופּ־ציע, און פון וואָס איר ווילט נאָר. די יידישע באַפעלקערונג איז געשטאָרבן אין די גאַסן פון הונגער, אָבער די דירעקטאָרן, די אלערליי פּראָקורענטן און פּראָקו־רענטלעך, גאַנצע משומדים און האַלבע משומדים, קאַריעריסטן פון ביליקן סאָרט, האָבן געפרעסן און געזויפט פון כל־טוב. זייערע בייטלען זיינען געשוואָלן געוואָרן פון לינקע בלוטיקע געלטער.

אברהם געפּנער, מוז מען זאָגן דעם אמת, האָט צו די אלע זאַכן קיין שייכות נישט געהאַט. די קליקע ארום אים איז געווען שטאַרקער. און אויב מען האָט די געמיינע קליקע פיינט געהאַט, האָט די גאַס געפּנערן ליב געהאַט, געגלויבט אין אים. דעריבער, ווען מען האָט געפּנערן אויך ארעסטירט — איז געפאַלן א ווים־טער פּחד אויפן געטאָ. מען האָט געפילט, אז עס גרייטן זיך ביטערע גזרות. מיטאַמאָל איז אלץ אָפּגעשטאָרבן. מענטשן זיינען ארומגעגאַנגען מיט טויטע פּנימער, מיט פיבער אין די אויגן. וואָס וועט דאָ זיין? וואָס גייט אויף אונדז?

אזוי האָט געדויערט עטלעכע טעג. מען האָט נישט געוווּסט נישט אהין, און נישט אהער. ביז ס'איז אָנגעקומען א ידיעה, אז מען האָט געפּנערן באפרייט, אים און צוזאַמען מיט אים נאָך עטלעכע מיטגלידער פון יידישן ראַט.

די גאַס האָט אויפגעלעבט. פרעמדע מענטשן זיינען זיך געפאַלן אויפן האַלדז און געקושט. אויב מען האָט דעם פּרעזעס געפּנערן באפרייט, איז א סימן, אז עס וועט גאָרנישט געשען. אָבער געפּנער און צוזאַמען מיט אים די איבערי־קע מיטגלידער פון ראַט זיינען צוריקגעקומען פון תפיסה מיט אָפּגעשווירענע קעפּ, ווי אלטע געשוווירענע ארעסטאַנטן, און מיט פינצטערע פּנימער. זיי זיינען צוריקגעקומען מיט דער ביטערער בשורה, אז די דייטשישע הינט האָבן באַ־שלאָסן ארויסצושיקן פון ווארשע אלע יידן. יעדן טאָג מוזן צוגעשטעלט ווערן

זעקס טויזנט יידן. דורכפירן דעם גירוש דארף די יידישע קהילה. די בראָך, הייסט עס, דארף אויסגעפירט ווערן דורך יידישע הענט.

מיט א שעה, צו מיט צוויי שעה שפּעטער, דעם 22 יולי 1942 — (גראָד איז אויסגעפאלן תשעה־באב) — האָבן זיך גלייך באוויזן פּלאקאטן אויף די מויערן, אונטערגעשריבן דורכן יידישן ראט אין ווארשע, אז אויפן באפעל פון דער דייטשישער מאכט ווערן אלע יידן ארויסגעשיקט פון ווארשע (אויף דייטש — איבערגעזידלט) אין די מזרח־געביטן.

בלייבן אין ווארשע וועלן קאָנען: די יידישע פּאָליציי־לייט מיט זייערע פאמיליעס (ווייבער און קינדער), די באאַמטע פון יידישן ראַט, די באַאַמטע פון באשפּייז־אמט, די באאמטע פון יידישן הילפס־קאָמיטעט און אויך יענע יידן, וואָס זייַנען פעיק צו ארבעט. די דאָזיקע יידן וועלן קאַשארירט ווערן, ד. ה. זיי וועלן וווינען אין ספּעציעלע הייזער אויפן קאזארמישן אופן און וועלן ארבעטן פארן דייטשישן מיליטערישן געברויך.

די איבערזידלונג, איז ווייטער געזאָגט געוואָרן אין פּלאקאט, הויבט זיך אָן שוין היינט 11 אזייגער אינדערפרי. ווער ס'וועט זיך אויסבאהאלטן, ווער ס'וועט זיך אַנטקעגנשטעלן, וועט דערשאָסן ווערן אויפן אָרט.

און דאָס אומגליק האָט זיך אָנגעהויבן אין דער גאנצער גרויס און ברייט. די יידישע פּאָליציי־לייט, די דאָזיקע צוויי טויזנט באנדיטישע הינט, וועגן וועל־כע ס'וועט מיר שפּעטער אויסקומען צו דערציילן באריכות, האָבן זיך גענומען צו דער ארבעט.

די ערשטע קרבנות זייַנען געפאלן די דייטשישע יידן, וואָס זייַנען שוין צענדליקער מאָל איבערגעשיקט און איבערגעוואָרפן געוואָרן פון איין אָרט אויפן אנדערן. מען האָט זיי אריינגעוואָרפן אין ווארשעווער געטאָ — פרעמדע, היימ־לאָזע, אומבאהאָלפענע. ווי עס זאָל נישט ווי טאָן, מוז מען זאָגן, אז איבעריק סימפּאטיש זייַנען זיי נישט געווען. זיי זייַנען געווען דייטשן. געמיאוסט זיך מיט די אָסט־יידן, געזידלט, און אויב זיי האָבן געאַרבעט אין דייטשישע אונטערנע־מונגען און געהאט א שטיקל דעה, האָבן זיי די היגע יידן געשלאָגן.

דער משוגענער הונט היטלער האָט אין זיך אזא טייוולאָנישן כוח, אז ער קאָן אָגרייצן א ברודער אויף א ברודער, א זון אויף א טאטן, זיי זאָלן זיך רייסן, ווי די וועלף און ממיתן אייגער דעם אנדערן. די דייטשישע יידן האָבן דעם גזר אויפגענומען שטיל. די יידישע פּאָליציי־לייט האָבן זיי אָפּגעפירט אויפן אומ־שלאג־פּלאץ, דאָס אָרט פון וואנען מען האָט זיי פארלאָדעוועט אין פארמאכטע וואגאָנען אָן עסן, אָן טרינקען און אוועקגעפירט אויף אומקום. דער אומשלאג־פּלאַץ, אָדער בעסער געזאָגט, דער פּלאַץ פון פּיין און פון טויט — איז אין די שפּעטערדיקע טעג געוואָרן דער סימבאָל פון מלאך המות. ביים אַרויסזאָגן דאָס

דאָזיקע וואָרט איז דאָס בלויז פארקילט געוואָרן אין די אָדערן. דאָס הארץ האָט זיך אָפּגעשטעלט.

אָפּגעפאַרטיקט מיט די דייטשישע יידן, האָבן זיך די פּאָליציי־לייט גענומען צו די אזוי־גערופענע פונקטן, וו עס האָבן זיך געפונען צענדליקער טויזנטער אומגליקלעכע יידן, וואָס זיינען ארויסגעשיקט געוואָרן פון זייערע היימען און דאָ אונטער די פליגל פון דער ווארשעווער קהילה אויסגעגאנגען פון הונגער און פון טיפוס.

א פונקט פאר היימלאָזע אין ווארשעווער געטאָ — דאָס איז אפילו נישט געווען קיין הקדש. א וויסטע נאָרע איז עס געווען, א ברודיקע, א פארוואָרלאָזטע, וו געזונטע מענטשן זיינען געשלאָפן אויף איין געלעגער מיט טיפוס־קראנקע, וו לעבעדיקע זיינען געלעגן צוזאמען מיט טויטע און וו מען האָט הונדערט מאָל אין טאָג געבעטן אויף זיך דעם טויט. די ווארשעווער קהילה, וואָס האָט געצאפּט געלט פון טויט און לעבעדיק, דער באשפּייז־אמט, וואָס זיינע דירעקטאָרן זיינען געגאנגען אין גאָלה, — האָבן אזוי ווייט געזאָרגט פאר די פונקטן, אז די מענטשן דאָרט זיינען געפאלן, ווי פליגן.

אז מען איז ארייגעקומען אין א פונקט, האָט מען נישט געזען קיין מענטש. לעבעדיקע מתים האָבן זיך ארומגעדרייט, געשפּענסטער, הויט און ביינער האָט געפוילט. די דאָזיקע געשפּענסטער איז, אייגנטלעך, אלץ איינס געווען, וואָס מען וועט טאָן מיט זיי. זיי זיינען סיי ווי סיי געווען פארמשפּט צום טויט. טאָ וואָס איז די נפקא־מינה, וו זיי וועלן אומקומען? — דאָ אויפן „פונקט", אָדער ערגעץ אין א וויסט פעלד? (די היטלעריסטישע הינט האָבן די דאָזיקע אומגליקלעכע ביז איינעם אויסגעשאָסן).

פונדעסטוועגן זיינען געווען צווישן זיי אזעלכע, וואָס האָבן זיך נישט געלאָזט נעמען: זיי האָבן זיך געווערט, געשריגן, אנטלאָפן, באהאלטן.

דעמלט האָבן די יידישע פּאָליציי־לייט, וואָס באשטייען דאָס רוב פון האלבע און גאנצע משומדים, פון נישט דערהאָרענע אדוואָקאטלעך, פון רייכע סוחרישע ווינדלעך, פון דער אמאָליקע גאָלדענער יוגנט — געוויזן, וואָס זיי קענען.

מיט גומענע שטעקנס און סתם מיט שטעקנס האָבן זיי גענומען שלאָגן די אומגליקלעכע פונקטן־מענטשן מכות־רצח. זיי האָבן אוועקגעריסן די קינדער פון די מאַמעס, די מענער פון די פרויען, די מאַמעס פון די זין. די געשרייען מיט די יללות זענען געגאנגען עד לב־השמים, אָבער אונזער יידישע פּאָליציי — ימח שמו וזכרו — האָט געהאט פארשטיינערטע הערצער, נישט אויפגעהערט צו שלאָגן, צו ממית, ארויסגעפּאַקט די מענטשן אויף וועגענער, און אוועקגעפירט צום באַרימטן אומשלאג־פּלאַץ. אין אזעלכע וועגענער פירט מען פארמשפּטע צו דער תליה.

א ביטערע, חושכדיקע נאכט איז אראָפּגעפאַלן אויפן געטאָ. דאָ און דאָרט האָט מען געשאָסן. יעדער שאָס האָט געקאָסט א יידיש לעבן. יידן זיינען נישט געשלאָפן, געלעגן אין קעלערס, אויף בוידעמער, געפרעגט זיך, וועמען וועט מען געמען מאָרגן? ווי אזוי מיידט מען אוים דאָס אומגליק?

אין יענער נאכט, ד. ה. אין דער נאכט פון 22 אויפן 23 יולי 1942, נאָך א באזוך פון די היטלעריסטישע הינט ביים פּאָרזיצער פון יידישן ראט אינזש. טשערניאקאָוו — ביי וועמען זיי האָבן פארלאנגט, אז אויפן מאָרגנדיקן טאָג זאָל ער צושטעלן צען טויזנט יידן, האָט טשערניאקאָוו א סוף געמאכט צו זיין לעבן.

עס מוז דאָ געזאָגט ווערן א פּאָר ווערטער וועגן פּאָרזיצער פון דער וואַרשעווער קהילה, אינזש. טשערניאקאָוו. ער איז געווען א מענטש א גייסטיק־אָרעמער, א דורכשניטלעכער, אסימילירטער יידישער אינטעליגענט. דער ביטערער גורל האָט געוואָלט, ער זאָל אוועקגעשטעלט ווערן אין דער שפּיץ פון דער גרעסטער יידישער קהילה אין אייראָפּע, אין אַ צייט, וואָס דאָס יידנטום האָט נאָך אַזאַ קיינמאָל נישט איבערגעלעבט. דער דאָזיקער אינזשיניער איז נישט געווען דערוואקסן צו דער דאָזיקער גרויסער און גלייכצייטיק טראגישער אויפגאבע. ס'איז געווען איבער זיינע כוחות. ער האָט נישט פארשטאנען די פאראנטוואָרטלעכקייט, וואָס ער האָט גענומען אויף זיך. געפירט האָט ער די וואַרשעווער קהילה, ווי א מענטש מיט קליינע השגות און, לאָמיר זיך נישט שעמען און זאָגן, ווי א גרויסער פּחדן. אלץ, וואָס די היטלעריסטישע באנדיטן האָבן פארלאנגט פון אים, האָט ער געטאָן. קיינמאָל נישט געוואגט צו רעדן העכער, ווי געווייגלער, קיינמאָל נישט געפּרוווט אנטקעגנצושטעלן זיך כאָטש אין דער קלענסטער מאָס. ער האָט גערעכנט, אז אזוי ארום וועט ער אפשר אָפּראטעווען דאָס, וואָס עס לאָזט זיך אָפּראטעווען. ער האָט גאָרנישט אָפּגעראטעוועט. נישט ער און נישט אלע איבעריקע מיטגלידער פון יידישן ראט, וואָס זענען געקראָכן פאר די דייטשישע באנדיטן אויף אלע פיר...

טשערניאקאָוו איז געגאנגען פון דער וועלט — און ווען ער איז נאָך געלעגן א וואַרעמער, האָבן שוין די יידישע פּאָליציי־לייט געבושעוועט אויף דער גאס.

עס איז שוין פריער דערמאָנט געוואָרן, אז די צוויי טויזנט יידישע פּאָליציאנטן, מיט וועלכע דער פּרעזעס טשערניאקאָוו האָט זיך ארומגערינגלט, זיינען דאָס רוב באשטאנען פון רייכע זינדלעך, וואָס האָבן זיך איינגעקויפט אין די פּאָליצייאישע רייען פאר גראָבע געלטער, כדי נישט געכאפּט צו ווערן אין די ארבעטס־לאגערן (די פּאָליציי איז געווען באפרייט פון די לאגערן). די אָנפירער פון די דאָזיקע פּאָליצייאישע יונגען זיינען געווען איינער א משומד שערינסקי. (זיין אמתדיקער נאָמען איז שענקער). נאָך איינער — אן אדוואָקאט לעיקין און אַ דריטער אַ משומד שמערלינג. שוין פאַר די פּוילישע צייטן איז שערינסקי געווען

אַ פּאָליציי־אַגענט. אַז פּוילן איז געפאַלן, איז ער געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָט זיך געשטעלט צו דינסט דער היטלעריסטישער געסטאַפּאָ. זיין טיטל איז געווען „פּאַניע פּולקאָווניקו“. ער האָט געאַרבעט געטריי, מיט מסירת־נפש, מיט איבערגעגעבנקייט. ער האָט שאַנטאַזשירט יידן, אויסגעפּרעסט געלטער, געמסרט, געכאַפּט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, באַפרייט פאַר גראָב געלט, ביז ס'איז דערגאַנגען צו דער געסטאַפּאָ, אַז איר געטרייער קנעכט שערינסקי מאַכט לינקע געשעפטן. צווישן א יאָ מיט א ניין האָט מען אים אַרעסטירט. מען האָט געשמועסט, אַז שערינסקי וועט שוין קיינמאָל די ליכטיקע שיין נישט אָנזען.

איז געקומען דער 22 יולי און שערינסקי האָט זיך פּלוצלינג באַוויזן אויף דער פריי. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט פאַרגעלייגט דער געסטאַפּאָ, אָדער די געסטאַפּאָ האָט אים פאָרגעלייגט (דאָס קאָן מען נישט דערגיין) דורכצופירן די איבערזידלונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין וואַרשע. ער איז געוואָרן דער הויפּט־קאָמיסאַר פון דער איבערזידלונג. א תליון איז דאָס געווען, נישט קיין קאָמיסאַר, א מערדער, א רוצח מיט א צלם אויפן האַלדז. ער האָט נישט געשוינט קיינעם, נישט קיין יונגן, נישט קיין אַלטן, נישט קיין קינדער, נישט קיין פרויען. ער איז אַליין אַראָפּגעקומען צו פאָרן אין די גאַסן אַריין, אַליין געכאַפּט, אַליין געשלאָגן, אַליין געטייטעט.

פאַר דער דאָזיקער שיינער אַרבעט, פאַרן אומברענגען דאָס גאַנצע וואַרשעווער יידנטום, האָט אים א גערעכטע האַנט (געבענטשט זאָל זי זיין) געשיקט א קויל אין קאָפּ אַריין. ליידער האָט דער שיסער אַזוי געצילט, אַז די קויל האָט דעם מנובלדיקן משומד נישט אָוועקגעלייגט אויפן אָרט. ביז היינט איז ער נאָך נישט געפּגרט.[1]

דער צווייטער מנובל איז געווען אַדוואָקאַט לעיקין. דאָס איז א קליין, קאָמיש מענטשל, וואָס פּאַסט זיך גיכער אַריין אין א צירק, איידער צו זיין אן אָנפירער פון פּאָליציאַנטן. און אפשר פּאַסט ער זיך פאַר ביידע? ער האָט זיין אַרבעט געטאָן מיט א שמייכלדיק פּנים, מיט א לייכט געמיט און מיט א וויל־יינגערישן אָנשטעל. היינט צוגעשטעלט אַזויפיל און אַזויפיל „קעפּלעך“, מאָרגן וועט ער צושטעלן אַזויפיל און אַזויפיל און חי — געלעבט. אים האָט נאָך קיין קויל נישט געטראָפן. דער דריטער מנובל הייסט שמערלינג — א משומד און א רוצח. ער האָט געאַרבעט אויפן אומשלאַג־פּלאַץ, ער האָט געהאָלפן די דייטשישע רוצחים לאָדעווען אין די וואַגאָנען אַריין, ער האָט געהאָלפן שלאָגן, טייטן, אויסזוכן, אויסגעפונען און ער האָט טייל מאָל אויך געהאָלפן באַפרייען א מענטשן. פאַר דער

[1] ווי באַקאַנט, איז שערינסקי דערשאָסן געוואָרן דורך דעם יידישן קעמפער ישראל קאַנאַל פון א רעוואָלווער, וועלכן עס האָט ספּעציעל דערצו אַריינגעשיקט אין געטאָ דער וואַרשעווער קאָמיטעט פון פּפּר. — רעד.

דאַזיקער „באפרייונג“ איז אים צוגעקומען אין קעשענע אריין א האלבער מיליאָן זלאָטעס. דער האלבער מיליאָן איז געבליבן ביי אים, און צומאָרגנס האָט מען אויפסניי געכאפט די אייגענע מענטשן, ביי וועמען ער האָט געצאפט געלט, און ער אליין האָט זיי אויפסניי געהאָלפן לאדעווען אין די וואַגאָנען אריין אויף אומקום, אויף פארניכטונג.

עס איז דאָ נאָך איינער, וואָס איז נישט קיין דירעקטער אָנפירער פון דער פּאָליציי, אָבער ער האָט מער דעה, ווי אלע פּאָליציי=אָנפירער צוזאמען.

זיין נאָמען איז פּ י ר ס ט. ער איז א רעוויזיאָניסט. (זשאבאָטינסקי, דריי דיך איבער אין קבר!). דער דאָזיקער פירסט האָט היינט די הויפּט=דעה אין דער וואַרשעווער קהילה. ער טראָגט נישט קיין אָרעם=באנד (אָפּאסקע), גייט אין שטיוול, אָן קיין גאהייקע רירט ער זיך נישט. אזוי זעען אויס אלע געסטאפּאָ=לייט, און ער איז איינער פון יענע לייט.

אגב זאָל דאָ דערמאָנט ווערן צו אונדזער גרויסער בושה, צו אונדזער ביטערער קלאָג, אז אין דער געסטאפּאָ ארבעטן עטלעכע הונדערט יידן — אלס געהיים=אגענטן.

איז אָט, אז די הויפּט=אָנפירער האָבן זיך אזוי אויפגעפירט, וואָס האָבן געזאָלט טאָן די איבעריקע פּאָליציי־אישע הינט? זיי האָבן דאָך געמוזט ווייזן, אז זיי זענען געטריי, אַז זיי טוען זייער אַרבעט בשלימות.

איז נאָכדעם ווי מען איז פארטיק געוואָרן מיטן בינטל דייטשישע פּליטים און מיט צענדליקער טויזנטער אומגליקלעכע פון די „פּונקטן“ האָט מען זיך גענומען צו די בעטלער.

די געשיכטע פון די בעטלער אין ווארשעווער געטאָ איז איין שטיק פּיין, איין שטיק אומגליק. איך נעם זיך נישט אונטער איבערצוגעבן כאָטש אין א קליינער מאָס דעם חורבן, וואָס דאָס דאָזיקע צרעת האָט אָנגעמאכט אין יידישן לעבן.

זיי זיינען געלעגן נאקעטע און האלב=נאקעטע איבער די ווארשעווער גאסן. נישט קיין מענטשן, נאָר וויסטע געשפּענסטער. דער טויט איז מיט זיי מיטגעגאנגען אויף יעדן טריט און שריט. זיי האָבן געוויינט און געשריגן, געקלאָגט און געזונגען. אויף די טראָטוארן, אין די רינשטאָקן אויף די הייף — ווו ס'איז נאָר געווען ערגעץ א לאָך — זיינען געווען בעטלער — אלטע און יונגע, פרויען און קינדער. דאָס רוב קינדער, קינדער, קינדער! אָנהייבנדיק ביי 3 יאָר און ענדיקנדיק ביי 15, 16.

זיי האָבן אליין פארפאסט קלאָג=לידער און קלאָג=געזאנגען. די קלאָג=לידער האָבן זיך, אויף פארשידענע קולות, געטראָגן פון אינדערפרי ביז ביינאכט פון איין גאס אין דער אנדערער אריין, פון איין הויף אין אנדערן, פון איין שטוב צו דער אנדערער.

בלוט האָט זיך געגאָסן פון יעדן ערלעכן מענטש, ווען מען איז דורכגעגאנגען די גאס און געזען, וואָס די היטלעריסטישע מערדער האָבן געמאכט פון אונדזער פאָלק. נישט אלע זיינען געווען פראָפעסיאָנעלע בעטלער. דער הונגער, די נויט, דער עלנט האָט טויזנטער און צענדליקער טויזנטער משפחות געברענגט צו דער דאָזיקער טרויעריקער מדרגה. די בעל=טובות אונדזערע, די כלל=טוער, די עסקנים, האָבן געפרעסן און געזויפט. פארשווענדעריש געשיט מיט געלט אין פארדעכטיקע נאכט=לאָקאלן, ארומגעשלעפט זיך מיט זונות, מיט וועלכע דאָס געטאָ האָט געווימלט — און די בעטלער זיינען געפאלן ווי פליגן. געלעגן אין די גאסן טויטערהייט עטלעכע טעג צוגעדעקט מיט פאפיר, ביז מען האָט זיי אויפגערוימט. דאָס שרעקלעכסטע זיינען געווען די טויטע קינדער, וואָס האָבן זיך געוואלגערט אין די גאסן, ווי געהרגעטע קעץ.

צו זיי, צו די בעטלער הייסט עס, האָט זיך אויפן צווייטן, צי אויפן דריטן טאָג פון גירוש גענומען די יידישע פאָליציי. מען האָט זיי געכאפט אין די גאסן, ווי מען כאַפט הינט. נאָכגעיאָגט זיי, ווי דער הינט=שלעגער יאָגט נאָך זיינע קרבנות, זיי האָבן זיך געפרווט אויסבאהאלטן אין די חורבות פון די באָמבארדירטע הייזער, און די אָפטריטן, אין די מיסט=קאסטנס, אין די קוימענס אויף די דעכער, אָבער דער הונגער איז געווען שטארקער פון זיי. ער האָט זיי ארויסגעטריבן אין די גאַסן אַריין, און דאָ האָט שוין געוואַרט אויף זיי דעם „פּאָלקאָווניק" שערינסקיס באנדע. מען האָט זיי ארויפגעוואָרפן אויף די תליה=וועגענער, ווי מען ווארפט ארויף געשטאָרבענע נבלות. דערביי געשלאָגן און געמוטשעט.

דאָס אַלץ איז געגאנגען אויפן אומשלאג=פּלאַץ.

זעקס טויזנט יידן א טאָג האָבן זיך די היטלעריסטישע הינט=שלעגער געהייסן צושטעלן. און דער פאן „פּאָלקאָווניק" שערינסקי צוזאמען מיט לעיקינען און שמערלינגען האָבן זיך אונטערגענומען צוצושטעלן נישט זעקס, נאָר גאנצע צען טויזנט א טאָג.

א ווילד אכזריותדיק געיעג, עפּעס א משוגענער שדים=טאנץ, וואָס מען קאָן עס גאָרנישט איבערגעבן מיט מענטשלעכע ווערטער. אצינד איז עס געמאכט געוואָרן אויף אן אנדערן אופן: פון איין זייט האָט מען געכאפט אין די גאסן, און פון דער אנדערער זייט האָט מען גענומען אָפּשליסן גאנצע גאסן און בלאָקירן הייזער. פארטאָג האָט עס זיך אָנגעהויבן, עס זאָל קיינער נישט האָבן קיין צייט ארויסצוראטעווען זיך.

אָט איז א בילד: די גאנצע גאס איז טויט. אַלץ ליגט ערגעץ ווו באהאלטן, פארמאכט און פארשטיקט. אַלץ ווארט מיט אן איינגעהאלטענעם אָטעם, מיט טויט=שרעק אין די אויגן אויפן פינצטערן גזר, וואָס איז אויסגעגאָסן געוואָרן. און פּלוצלינג אַ ווילדער געשריי, אַ פּייפעריי און אַ יאָגעניש.

דאָס זענען די יידישע הינט אַריינגעפאַלן אין אַ הויף, ווי משוגעים־כאַנס האָרדעס, און מיט ווילדע, שיכורע קולות געגומען שרייען, אַז אַלע אייגוואינער זאָלן אַראָפּגיין אויפן הויף. אַלע — יונג און אַלט, גרויס און קליין, אָרעם און רייך. מען זאָל זיך שטעלן איינער הינטערן אַנדערן, לויט דער רייע, וועט מען נאָכזען זייערע דאָקומענטן. ווער ס׳האָט די דאָקומענטן אין אָרדענונג, דער וועט בלייבן אויפן אָרט.

בלויז מיט געשרייען און מיט פייפערייַ האָבן זיי זיך נישט באַגנוגנט, די יידישע געסטאַפּאָ־לייט, זיי זענען געלאָפן איבער אַלע שטאָקן, אַרויסגעשלעפּט פון די שטובן, אַראָפּגעשלעפּט פון די בוידעמער, פון די קעלערס און... אָנגעהויבן האַנדלען. פאַר געלט האָט מען זיך געקאָנט אויסקויפן. אין די ערשטע טעג איז דער פּרייז פון אַ „קאָפּ" געווען פון 50 ביז 100 זל.

שפּעטער האָט עס געשטיגן אויף 500 זל. דערנאָך אויף טויזנט און הינט, ווען איך שרייב די שורות, קאָסט שוין אַ „קאָפּ" פינף טויזנט זלאָטעס. אַנדערע ווילן אינגאַנצן נישט קיין געלט. זיי פאַרלאַנגען — ברילִיאַנטן, גאָלדענע דאָלאַרס און דערגלייכן. די דאָזיקע רייכע זינגלעך האָבן שוין הינט אַזוי פיל אָנגעראַבירט און אָנגעגנבעט, אַז קיין קלענערע מטבע ווי פינף הונדערט זלאָטעס איז ביי זיי נישטאָ.

אָט איז אַ סצענע, ווי אַזוי דאָס כאַפּעניש און יאָגעניש איז פאָרגעקומען.

נישט אַלע איינוואוינער האָבן געוואָלט פאַרלאָזן די שטובן. ווער ס׳האָט זיך פאַרריגלט, ווער ס׳האָט זיך באַהאַלטן, און ווער ס׳האָט זיך דורכן בוידעם אַרויפגעקריגן אויפן דאַך. צווישן די, וואָס האָבן זיך אַרויפגעקריגן אויפן דאַך, איז אויך נאָוואָליפּיע גאַס אויך געווען אַ יונגע פרוי. די פּאָליציאַנטן האָבן זי באַמערקט. האָט איינעם דאָס האַרץ נישט געלאָזט רוען און ער האָט דווקא געוואָלט ברענגען זי פאַר אַ קרבן אויף היטלערס מזבח. ער האָט דאָס געהאַלטן פאַר אַ הייליקן חוב, היטלער האָט באַפוילן אויסצומאָרדן יידן דורך יידישע הענט — מוז עס אַ יידישער פּאָליציאַנט מקיים זיין.

האָט ער זיך געלאָזט לויפן פון איין שטאָק אויפן אַנדערן, אַרויף אויפן בוידעם, פון בוידעם — אויפן דאַך, און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף אויף לעבן און אויף טויט צווישן דעם פּאָליציאַנט און דער יונגער פרוי.

דער דאַך איז שיף. דאָס הויז האַלט פיר שטאָק. די זון ברענט. די בלעך ברענט. דער פּאָליציאַנט האָט נישט קיין געווער (קיין רעוואָלווערן האָט זיי היטלער נישט געגעבן), ער האָט בלויז אַ גומענעם שטעקן. מיטן דאָזיקן שטעקן פאַרמעסט ער זיך אויף דער פרוי. ער שרייט, זי זאָל אַראָפּגיין. ער וועט זי דאָ דערהרגענען אויפן דאַך.

— קאָנסט מיך דערהרגענען, — ענטפערט די פרוי — און אַראָפּגיין וועל איך נישט.

ער שאַרט זיך צו איר. ער כאַפּט זי אָן. עס דאַכט זיך, אַז דער דאַך איז שיפּער געוואָרן. אין איין מינוט קאָנעןביידע ליגן אויפן ברוק מיט צעשמעטערטע געהירן. די פרוי איז גרייט אויפצונעמען דעם טויט. אָבער מיטן גוטן ווילן וועט זי פון דאַך נישט אַראָפּגיין. דעם „געטרייען" פּאָליציאַנט איז אויך אַ שאָד האָט לעבן. ער זידלט און שעלט. ער שפּייט מיט דער גריגער גאַל. אָבער פון דאַך אַראָפּנעמען דעם קרבן זייַנעם קאָן ער נישט.

דאָס ווילדע ראַנגלעניש האָט געדויערט איבער אַ שעה. אונטן, אויפן הויף, האָבן די חברים זייַנע דערווייל אויסגערוימט דאָס גאַנצע הויז. ווער ס'האָט געהאַט געלט האָט זיך אויסגעקויפט, ווער ס'האָט נישט געהאַט קיין געלט האָט געמוזט אַרויף אויפן תליה־וואָגן. דאָס הויז איז געוואָרן וויסט און ליידיק. פון די אַרויסגערוימטע שטובן האָט געיאָגט מיט אומגליק און מיט עלנט. אַ קינד האָט זיך באַהאַלטן — האָט מען אָוועקגעריסן די מאַמע. אַ מאַמע האָט זיך ערגעץ ווי פאַרשטעקט, האָט מען אָוועקגעריסן דאָס קינד. די מאַמע לויפט אַרום משוגענערהייט. זי פּליקט די האָר פון קאָפּ. ס'איז איר איבערגעבליבן אַ ליידיק וויגל. די פרוי פון דאַך איז שוין אַצינד אויפן הויף. זי האָט זיך דערווייל אָפּגעראַטעוועט, אָבער איר טאַטן האָט מען צוגענומען, איר מאַמע האָט געקריגן אַ האַרץ־שלאַק און ליגט אַ טויטע.

און וואָס האָבן די יידישע באַנדיטן געוואָלט פון אַ גרייז־גרויען ייד, וואָס האָט קוים געשלעפּט מיט די פיס און קוים געאָטעמט?

זיי האָבן אים אַרויסגעשלעפּט צוזאַמען מיטן ווייב — אַ צעבראָכענעם שאַרבן. דער ייד, אויפן ערשטן בליק ענלעך צו אַ דין, — האָט נישט באַוויזן אָנצוטאָן דאָס היטל. ער איז געגאַנגען אין אַ קאַפּל — טויט, ווי די וואַנט, הענט און פיס האָבן געציטערט. דאָס ווייב האָט מען געמוזט טראָגן. זי איז געלעגן, ווי אַ געשטאָרבענע, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אַראָפּ. דער גרייז־גרויער ייד האָט נישט געקאָנט גיין. האָט אַ יידישער מנובל אים געשלאָגן איבערן קאָפּ מיט אַ גומענעם שטעקן. מערדערלעך געשלאָגן, געשטופּט, געוואָרפן פון איין ווינקל אין אַנדערן אַריין און סוף־כל־סוף געמוזט אים אַרויפזעצן אויף אַ ריקשע. אויף דער ריקשע האָט דער אַלטער דין אויסגעהויכט די נשמה. ער איז געבליבן ליגן אין מיטן גאַס, ווי אַ הרוג. מרדכי פינקערטס עגלה־וואָגן האָט אים צוגענומען. די עגלה־יידן, וואָס זייער אַרבעט איז געווען צו באַזוכן די דערשאָסענע און צוצונעמען, וואָס דער קרבן האָט פאַרמאָגט, האָבן דאָס מאָל די אונטערזוכונג נישט געמאַכט. זיי האָבן שוין דערקאָנט, אַז דער דערהרגעטער איז געווען אַן אָרעמאַן אין זיבן פאָלעס און ס'האָט נישט געלוינט אייַנצורייסן זיך די הענט.

אויף אַן אַנדער אָרט איז אַ פרוי געפאַלן אין חלשות. האָט דער מערדערישער פּאָליציאַנט זי געמינטערט מיט וואַסער. אָפּגעמינטערט און ווייטער זי געפירט. עטלעכע מאָל האָט די פרוי געחלשט. דער פּאָליציאַנט איז נישט אָפּגעטרעטן.

געמינטערט, געשלאָגן, ביז ער האָט זי דערפירט אויפן אומשלאַג־פּלאַץ און אײַ־ בערגעגעבן זי אין די הענט פון די דײַטשישע תּליינים.

דאָס זענען עטלעכע קלײנע בילדלעך פון דעם ווײסטן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן דאָס וואַרשעווער ייִדנטום. די, וועמען דאָס אומגליק האָט נאָך נישט געטראָפן, בעטן אויף דער נאַכט. זאָל זי שוין צופאַלן, די נאַכט. זאָל מען זיך אַ ביסל אָפּרוען, זאָל מען כאַפּן דעם אָטעם, ווײַל מאָרגן 5 אַזײגער אינדערפרי הייבט זיך אָן אַ נײער תּשעה־באב און אַ נײער יום־כּפּור.

און אָט איז געקומען דער פרימאָרגן דער דריטער, צי דער צענטער, וואָס איז די נפקא־מינה? און שוין טראָגט זיך איבער אַלע הײַזער די בשורה, אַז אויף קאַרמעליצקע קאָן מען נישט גײן, די לעשנאָ איז בלאָקירט, די נאָוואָליפּיע פאַר־ מאַכט. הײַנט האָבן די דײַטשן פאַרלאַנגט, מען זאָל זײ צושטעלן גאַנצע צען טויזנט ייִדישע קעפּ.

אַלע צוויי טויזנט פּאָליציאַנטן האָבן זיך מאָביליזירט. יעדער אײנער האָט געקריגן אַ באַפעל צוצושטעלן פינף קרבנות.

האָט מען געדאַרפט זען, וואָס ס'איז פון די ייִדישע פּאָליציאַנטן געוואָרן. מוז זײַן, אַז זײ זענען משוגע געוואָרן. ווײַל אַזאַ ווילדקייט, אַזאַ אַכזריות זעט מען נישט אַפילו בײַ די גרעסטע רוצחים. עס העלפן נישט קײן געוויינען, עס העלפן נישט קײן געשרייען. מאַמעס קושן די טריט פון די באַנדיטן און ווילן ראַטעווען זײערע קינדער. אָבער די באַנדיטן ווייסן שוין אַלײן נישט, וואָס עס טוט זיך מיט זײ. זײ שלעפּן קראַנקע פון די בעטן, וואַרפן קינדער פון וויגן. אַלטע לײַט פירט מען אויף וועגעלעך. מען יאָגט, מען טרײַבט, מען שלאָגט מכּות־רצח.

איז דאָס נאָך אַלץ ווייניק, האַקט מען אויף פאַרמאַכטע שטובן מיט העק און מיט האַמערס.

בלוט האָט גערונען פון יעדן אײנציקן, ווען ער האָט צוגעזען, ווי די ייִדישע באַנדיטן זענען געגאַנגען אָנגעלאָדן מיט העק, אַזוי ווי די קײלער־יונגען, מיט האַמערס, מיט שליסלען. נישטאָ קײן אײן שטוב אין געטאָ, וווּ די ייִדישע באַנ־ דיטן זאָלן נישט האָבן אויפגעהאַקט די טיר. אויב זײ האָבן קײן מענטשן אין די פאַרמאַכטע שטובן נישט געפונען, האָבן זײ אויפגעריסן די שענק, די שופ־ לאָדן, און וואָס ס'האָט זיך נאָר געלאָזט האָט מען גערויבט.

אין די שפּעטערדיקע טעג האָבן דאָס אויך געטאָן די דײַטשישע רוצחים צוזאַמען מיט די אוקראַינער באַנדיטן, וועמען מען האָט גענומען צו הילף.

ווײסט און שרעקלעך זעען אויס די שטובן, פון וואַנען מען האָט אַרויסגע־ פירט די קרבנות. אויב מען זאָל עס אָנרופן פּאָגראָם — וועט עס זײַן שוואַך, צו אײדל.

פאַרניכטונג, אונטערגאַנג. דורות מענטשלעך לעבן וואַלגערט זיך אין די אויפגעפּליקטע איבערבעטן, אין די צעהאַקטע שענק, אין די צעטרעטענע קישנס,

אַ שטאַרקע איילנדיקע באַוועגונג פון טויזנטער, טויזנטער מענטשלעכע פיס. וואָס קומט איצט פאָר אין גאַס? ס'איז דאָך נאָך האַלבע נאַכט. ווער האָט עס דעם מוט צו באַווייזן זיך איצט אויף דער גאַס? האָט שוין היטלער איינגענומען אַ מיתה משונה? איז שוין די וועלט באַפרייט געוואָרן פון דעם בלוטיקן הונט?

די באַוועגונג איז געוואָרן וואָס אַמאָל געדיכטער, וואָס אַמאָל שטורמיקער. נישט מען איז געגאַנגען, נאָר געלאָפן. די גאַסן אַליין זענען, דאַכט זיך, געלאָפן. וווהין און נאָך וואָס לויפט מען? ווער זענען דאָס די מענטשן? און ווער טרייבט זיי?

די טויערן, וואָס זענען גאַנצע וואָכן געווען פאַרהאַמערט אין מיטן טאָג, זענען איצט געשטאַנען אָפן. קיין באַלויכטונג האָבן די גאַסן נישט געהאַט. נישט די גאַסן און נישט די שטובן. האָבן זיך גאַנצע מחנות פינצטערע שאָטנס גע-שטופט אין איין טויער אַריין, פון אַנדערן טויער אַרויס, געשטופט, געשריגן, געשאָלטן, געיאָמערט.

פאַרשטייט זיך, אַז ס'איז נישט געווען אין יענער נאַכט קיין איין יידישע שטוב, וווּ מענטשן זאָלן קאָנען צומאַכן אַן אויג. מען האָט זיך אויפגעריסן פון די געלעגערס און אין איין פחד — אַראָפּגעלאָפן געוואָר ווערן, אפשר אַן ערד-ציטערניש, אפשר אַ שריפה, אפשר באָמבאַרדירט מען די שטאָט?

גענוי האָט קיינער גאָרנישט געקאָנט דערציילן. עס זענען געפאַלן אָפּגע-האַקטע פאַרקייכטע ווערטער, אַז די קהילה האָט געקריגן אַ באַפעל, אַלע יידן זאָלן זיך פריווויליק צושטעלן אויפן אומשלאַג-פּלאַץ. אַנדערע האָבן געטענהט, אַז ס'איז נישט אמת: די קהילה האָט קיין שום באַפעל נישט געקריגן און אויב יאָ, מיינט מען דאָס די יידישע פּאָליציי. אויב בלויז די פּאָליציי, וואָס-זשע לויפן אַלע נישט פּאָליציייאישע יידן?

דאָ און דאָרט האָבן זיך פאַרזאַמלט רעדלעך מענטשן. אין דער פינצטער האָט מען געקרעכצט, אין דער פינצטער האָט מען זיך אָנגעהאַלטן איינער ביים אַנדערן, מען זאָל זיך נישט פאַרלירן. קינדער, האַלב-נאַקעטע און אויפגעריסענע פון שלאָף, האָבן זיך געטוליעט צו זייערע מאַמעס. וואָס וועט זיין מיט אונדז? — האָבן אַלע געפרעגט — וואָס גייט אויף אונדז?

און פונקט אַזוי, ווי אַ שווער-קראַנקער וואַרט אויפן ערשטן שיין פון טאָג, מיינענדיק, אַז די יסורים זיינע וועלן געלינדערט ווערן, אַזוי האָבן הונדערט און פופציק טויזנט יידן, וואָס האָבן זיך דערוויל אָפּגעראַטעוועט פון אונטערגאַנג, געוואַרט אויפן טאָג.

דער טאָג איז ענדלעך געקומען — אַזוי ווי אויף להכעיס, אויסגעלייטערט און זוניק. ערשט איצט האָט מען געזעען, ווי אַזוי די מענטשן זעען אויס — צעקנייטשטע און צעבראָכענע, מיט אויסגעלאָשענע אויגן, מיט איינגעפאַלענע פּנימער, מידע פון דעם פיין, אָפּאַטישע, רעזיגנירטע. זאָל שוין זיין, וואָס עס

האָט צו זיין. זאָל מען אונדז שיסן, זאָל מען אונדז שעכטן, אָבער זאָל מען אַזוי נישט פּייניקן, נישט מאַטערן מיט דעם אומבאַקאַנטן, וואָס לויערט אויף אונדז.

ביי דער ליכטיקער שיין פון טאָג האָבן שוין די מענטשן אינגאַנצן פאַר־לוירן דעם פאַרשטאַנד. מען איז געלאָפן, ווי די משוגענע, אין אַלע זייטן. עמע־צער איז צוריקגעקומען פון דער קהילה מיט אַ ידיעה, אַז דאָרטן ווייסט מען פון גאָרנישט. לייכטזיניקע האָבן געגלויבט און מיט דערלייכטערונג אָפּגעזיפצט. אַנדערע, די, וואָס זענען געווינט נישט צו גלויבן, און יענע, וואָס ווייסן, אַז אַ הונט בילט און הימלער רעדט איז אַלץ איינס — האָבן שווער און ביטער אָפּ־געזיפצט. גלאַט איז עס נישט.

און עס איז טאַקע נישט געווען גלאַט. אַרום זיבן אַזייגער אינדערפרי האָבן זיך באַוויזן פּלאַקאַטן אויף די מויערן, אונטערגעשריבן ווידער בלויז דורכן יידישן ראַט, אַז לויט דער פאַראָרדענונג פון דער דייטשישער מאַכט (אַלע פאַראָרדע־נונגען בנוגע דעם גירוש האָבן די דייטשן געגעבן דער יידישער קהילה מינדליך) מוזן אַלע יידן, וואָס באַוווינען דאָס אַזוי גערופענע גרויסע געטאָ, פאַרלאָזן זייערע היימען היינט ביז 10 אַזייגער אינדערפרי און פאַרזאַמלען זיך אויף די גאַסן: סמאָטשע, גענשע, דזשיקע ביזן פורסאָווער פּלאַץ. די שטובן טאָרן נישט פאַר־שלאָסן ווערן. אַלץ, וואָס עס געפינט זיך אין שטוב מוז בלייבן אַזוי ווי עס גייט און שטייט. מיטנעמען מעג מען בלויז עסנוואַרג אויף דריי טעג און אַ כלי אויף וואַסער. ווער פון די יידן עס וועט בלייבן אין גרויסן געטאָ נאָך 10 אַזייגער, דער וועט דערשאָסן ווערן.

אין פּלאַקאַט איז אויך געזאָגט געוואָרן, אַז דאָס פאַרזאַמלען זיך אויף די גאַסן: סמאָטשע, גענשע, דזשיקע ביזן פורסאָווער פּלאַץ קומט פאַר צוליב רע־גיסטראַציע.

וואָסער רעגיסטראַציע? ווען גייט מען דאָ רעגיסטרירן? דאָס איז אין פּלאַקאַט נישט געזאָגט געוואָרן (הגם אַלע פּלאַקאַטן, אונטערגעשריבענע פון יידישן ראַט, זענען אַזוי נישט קלאָר און אַזוי נאַריש, אַז מען האָט זיי געקאָנט לייענען פון אויבן ביז אַראָפּ און פון הינטן אַרויף).

מילא, נישט דאָס איז דער עיקר. דער עיקר איז, אַז דעם דאָזיקן מערדערישן באַפעל האָט די יידישע קהילה באַקומען מינדלעך אין מיטן דער נאַכט. ביז 7 אַזייגער אינדערפרי האָט די קהילה נישט באַוויזן אָפּצודרוקן די פּלאַקאַטן. אָבער מענטשן זענען סיי ווי סיי געוואָר געוואָרן און אין מיטן דער נאַכט גענומען לויפן (דער פּלאַקאַט, וואָס האָט זיך באַוויזן דעם 6 סעפּטעמבער אינדערפרי האָט ערלויבט צו גיין אַ גאַנצע נאַכט פון 5 סעפּטעמבער).

וווהין מען לויפט, נאָך וואָס מען לויפט, האָט זיך קיינער נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון.

ס'איז נישט צו באַגרייפֿן מיטן פּשוטן שׂכל, ווי אַזוי הונדערט און פֿופֿציק טויזנט מענטשן, אויפֿן סמך פֿון איין נאַריש שטיקל פּאַפּיר, האָבן איבערגעלאָזט אויף הפקר זייער האָב־און־גוטס און געלאָפֿן איבערגעבן זיך אין די הענט פֿון גזלן.

קיינער האָט זיך נישט אָריענטירט, אַפֿשר געציילטע, אַז דאָס אַריינטרייבן די מענטשן אין פֿיר אָדער פֿינף געציילטע גאַסן — איז אַ שטייג, פֿון וועלכער די מערדער וועלן יעדן אײנציקן אַרויסנעמען קושנדיק. דער היטלעריסטישער פּלאַן איז געווען אַן אויסגעוויינלעך טײַוואָלאַנישער. צו וואָס דאַרפֿן די באַנדיטן גיין פֿון גאַס צו גאַס און פֿון הויז צו הויז, אַז זיי קאָנען האָבן אַלע ייִדן אויף איין אָרט און דאָ טאָן מיט זיי, וואָס דאָס האַרץ וועט נאָר גלוסטן.

דאָס מאָל זענען זיך די דײַטשישע רוצחים באַגאַנגען אָן דער ייִדישער פּאָליציי. ווײַל אויך די ייִדישע פּאָליציי‌אישע הינט האָבן זיך געמוזט פֿאַרזאַמלען אין די עטלעכע דערמאָנטע גאַסן.

זעט אויס, אַז די ייִדישע משרתים האָבן שוין פֿאַרלוירן די לײַטזעליקייט אין די אויגן פֿון די היטלעריסטישע מושלים. מען האָט די יאָג־הינט שוין נישט באַדאַרפֿט, איז זייער גורל אויך געווען אַ געחתמעטער.

האָט מען באַדאַרפֿט זען, ווי אַזוי די דאָזיקע „העלדן" האָבן אויסגעזען, לויפֿנדיק צוזאַמען מיט אַלע אומגליקלעכע. צעשראָקענע הינט זענען דאָס געווען, נעבעכדיקע, ברודיקע, — נישט קיין הינט אייגנטלעך, נאָר לײַז, וואָס זענען געקראָכן אויף אַלע פֿיר, באַהאַלטן זיך אויף בוידעמער, אין קעלערס — אין ווינקלען, וואָס זיי אַליין האָבן אויפֿגעהאַקט און צעראַבעוועט. פֿופֿצן הונדערט ייִדישע פּאָליציאַנטן האָט מען אויפֿן אָרט אָפּגעזאָגט זייערע פּאָסטנס און אַזוי אַרום אויסגעליפֿערט זיי די דײַטשן. זיי האָבן אַראָפּגעוואָרפֿן די פּאָליצייאישע היטלען, די אָרעם־בענדער און אַזוי אַרום געוואָלט זיך ראַטעווען.

און כאָטש די ייִדישע באַפֿעלקערונג איז געווען פֿאַרבײַ און געפֿילט, אַז זייער גורל איז שוין אינגאַנצן קיין גורל נישט, האָבן זיי זיך פֿאָרט געקילט דאָס האַרץ, זעענדיק ווי די ייִדישע אויסוואָרפֿן לויפֿן, ווי די פֿאַרסמטע מײַז און ווילן זיך אויסבאַהאַלטן פֿון דער היטלעריסטישער שווערד.

און די פּראָצעסיע פֿון גרויסן געטאָ אין די פֿיר גאַסן אַרײַן איז געגאַנגען און געגאַנגען. ימים מענטשן אָן געפּעק און מיט געפּעק. מען איז געגאַנגען ערגעץ ווײַנען אויף דרײַ טעג און מען האָט נישט געוווּסט ווו. אויפֿן וועג איז מען געפֿאַלן אין חלשות. אין מיטן גיין האָט מען אַוועקגעוואָרפֿן בעטגעוואַנט, וואַליזקעס — ס'איז שווער געווען צו טראָגן. און צו וואָס דאַרף מען דאָס טראָגן, אַז סײַ ווי סײַ גייט מען צו דער עקדה?

הונדערט און פֿופֿציק טויזנט אומגליקלעכע האָבן געשטראָמט, ווי אַ צעשטורעמטער ים; פֿון דער לעש, קאַרמעליצקע, דזשיקע, נאָוואָליפּקי צו די זאַמל־

פונקטן אויף סמאָטשע, גענשע, דזשיקע א. א. וו. מען האָט זיך צעלייגט אין פרעמדע הייף, אין פרעמדע הייזער, אויף פרעמדע שטיגן, פרעמדע קעלערם און אויף פרעמדע בוידעמער. פונקט צען אזייגער זענען דורך דער דייטשישער זשאנדארמעריע פארמאכט געוואָרן די גאסן, פון וואנען מען האָט געמוזט ארויס. לויט אלע סימנים זענען אין יענע גאסן קיין יידן נישט געבליבן. נאָר אזוי פיל מכות זאָל זיך שטעלן היטלערן אין האלדז, וויפל יידן עס האָבן זיך אויס־באהאלטן. א סך האָט מען געפונען און דערשאָסן אויפן אָרט. אנדערע איז גע־לונגען אויסצומיידן די קויל, און זיי לעבן ביזן היינטיקן טאָג.

אין די פארלאָזטע וווינונגען האָבן גלייך די היטלעריסטישע באנדעס גע־נומען ראבעווען. קיין טירן האָט מען נישט באדארפט האקן, אלע שטובן זענען געשטאנען אָפן — האָט מען געגזלט מיט א ברייטער האנט. און דאָ אין דעם קעסל — סמאָטשע, גענשע, דזשיקע — האָבן זיך געשטיקט צענדליקער טויזנ־טער יידן מיט ווייב און קינד — הונגעריקע, דורשטיקע, פארצווייפלטע און גע־ווארט אויפן משפט.

און דאָס משפט איז געווען נישט צו באשרייבן און נישט נאָכצודערציילן.

די דייטשן האָבן באשלאָסן איבערצולאָזן אין ווארשע נישט מער ווי פינף און דרייסיק טויזנט יידן. פאר די דאָזיקע פינף און דרייסיק טויזנט זענען בא־שטימט געוואָרן נומערן, וואָס סיי די קהילה האָט ארויסגעגעבן און סיי די דיי־טשישע אונטערנעמונגען, ווו יידן האָבן געארבעט.

צוויי מאָל הונדערט טויזנט יידן זענען ביז היינט שוין אָפגעמעקט געוואָרן. איצט דאַרף מען אָפרוימען די איבעריקע הונדערט און פופצן טויזנט און איבער־לאָזן נישט מער ווי פינף און דרייסיק טויזנט.

מען האָט זיי דאָ אלע אהער געטריבן. אריינגעיאָגט, ווי די סטאדעס שעפסן, אָן דעם מינדסטן וואָרט פון פראָטעסט, אָן דעם מינדסטן געשריי, אָן דעם מינדסטן רוף נאָך הילף, נאָך שוץ... און צו וועמען איז דאָ געווען צו רופן, ווע־מען האָט מען דאָ באַדאַרפט, אַז די יידישע קהילה האָט גלייך אויפן אָרט רעדו־צירט 75 פראָצענט פון אירע באאמטע און אזוי ארום איבערגעגעבן זיי אין די הענט פון טויט. זיי האָבן קיין נומערן נישט באקומען — די דאָזיקע באאמטע — נישט זיי און נישט זייערע משפחות. אָן א נומער איז נישט געווען קיין אנדע־רער אויסוועג: אָדער זעלבסטמאָרד, אָדער אומשלאַג־פּלאַץ. אייניקע האָבן אויס־געקליבן דעם ערשטן וועג, און אויפן הויף פון דער יידישער קהילה, אין די אויגן פון חברים און פריינד, א סוף געמאכט צו זייער לעבן. דעם רוב אָבער, עטלעכע טויזנט מענטשן — מיט ווייב און קינד האָט דער פאָרזיצער פון יידישן ראַט, אינזש. מ. ליכטענבוים, געוואָרפן פאר די פיס די היטלעריסטישע חיות.

אזוי האָט אויך געטאָן דער באַשפּייז־אַמט, וואו אברהם געפּנער, דער איידעלער ייד, איז געווען פאָרזיצער.

אזוי האָט אויך געטאָן דער יידישער הילפס־קאָמיטעט, שוין אָפּגערעדט פון די דייטשישע אונטערנעמונגען, וואָס האָבן באַשעפטיקט יידן...

אַלע די, וואָס האָבן געקריגן נומערן און אָפּגעשפּילעוועט זיי אויף די קלאַ־פּעס אזוי ווי פּאַרברעכער, זענען זוכה געווען צום „מי יחיה“, אַלע איבעריקע, וואָס האָבן קיין נומערן נישט געקריגן (דער רוב־מנין ורוב־בנין), זענען אין איין אויגנבליק פאַרמשפּט געוואָרן צום „מי ימות“.

דער „מי ימות“ האָט זיך אָנגעהויבן זונטיק דעם 6 סעפּטעמבער 1942 10 אזייגער אינדערפרי און געדויערט האָט ער ביז פרייטיק דעם 11 סעפּטעמבער, ערב ראש־השנה פאַרנאַכט.

אין פאַרלויף פון די דאָזיקע זעקס טעג האָבן די פּרייסישע יונקערס אָפּ־געמעקט פון דער ערד הונדערט טויזנט יידן. ס'איז צוגעגאַנגען אָן גרויסע שווע־ריקייטן. האָט מען האָך אַלע יידן צוגויפגעטריבן אין דריי, צי אין פיר גאַסן. די גאַסן האָט מען ארומגעצוימט מיט באַוואָפנטע זשאַנדאַרן, אזוי ווי מיט אַ קייט. אויף יעדן טריט און שריט אַ ביקס. יעדע פּאָר מינוט אַ קנאַל פון אַ קויל. די הונדערט און פופציק טויזנט יידן זענען געלעגן אין שטאַלן, אין שאָפּעס, אונטערן פרייען הימל, וו ס'האָט זיך נאָר געלאָזט. האָבן זיך די מענטשן געשטופּט, געשאָלטן איינער דעם אנדערן, געזידלט, געגנבעט איינער ביים אנדערן עסנוואַרג — און ווי בהמות געוואַרט, ביז דער דייטשישער תלין וועט זיי פירן צו דער תליה. נישט ווי בהמות, נאָר ווי נישטיקע ווערעם. וואָרום בהמות, ווען זיי דערפילן דעם אָטעם פון טויט, שרייען זיי, ווערן זיי ווילד, לאָזן זיי זיך נישט. אונדז יידן האָט היטלער דערפירט צו אזא מדרגה, אז אין אָנבליק פון אומקום האָבן מיר אפילו נישט געשריגן, נישט געווערט זיך. ער האָט אונדז געהייסן גיין אין א שטייג אריין און מיר זענען געגאַנגען. א קליין הייפל האָט זיך אויסבאהאַלטן, אָפּגעראַטעוועט זיך דערווייל. אָבער 99 פּראָצענט יידן, צוטומל־טע, צעמישטע, האַלב־משוגענע האָבן זיך געלאָזט פאַרנאַרן און אַליין איבער־געגעבן זיך אין די מערדערישע הענט.

און די מערדערישע האַנט האָט געשניטן, אַזוי ווי מיט חלפים. זיי זענען געגאַנגען פון הויז צו הויז, אזוי דייטשן און אזוי די אוקראַינער, מיט געשריי, מיט שלאָגן איבערן קאָפּ, מיט רעוואָלווער־שאָסן ארויסגעטריבן אויף דער גאס אַלע פאַרזאַמלטע, סיי די, וואָס האָבן זוכה געווען צו קריגן נומערן און סיי יענע, וואָס האָבן צו די נומערן נישט זוכה געווען. אויף דער גאס האָבן זיך אַלע געמוזט אויסשטעלן אין רייען, צו פינף מאַן אין א ריי. די היטלעריסטישע הענקער זענען געשטאַנען מיט ראַפּניקעס אין איין האַנט, מיט רעוואָלווערן אין דער אנדערער און געציילט. געציילט אזוי לאַנג, ביז ס'איז זיי נמאס געוואָרן. אין מיטן ציילן אָפּגעהאַקט — איין טייל, די מיט נומערן האָט מען געהייסן

אַהיימגיין, און די צווייטע טייל אָן די נומערן האָט מען גלייך ארומגערינגלט און היידא אויפן אומשלאַג־פּלאַץ, באַגלייט מיט קוילן און מיט גאַהייקעס.

אָבער זאָל מען נישט מיינען, אַז אַלע וואָס האָבן פאַרמאָגט די נומערלעך האָט מען אָפּגעלאָזט. דאָס האָט זיך שוין געווענדט אין דעם דייטשישן הענקער. אויב עמעצער איז אים נישט געפעלן, מעג זיין מיט אַ נומער — האָט ער אים ארויסגעשלעפּט פון דער רייע, מערדערלעך געשמיסן איבערן קאָפּ און אָפּגעשיקט אים צו די פאַרמישפּטע. אַזעלכע נומערירטע זענען געווען אין די טויזנטער. אַזוי אַרום האָט מען גערוימט טאָג־איין טאָג־אויס, פון זעקס אַזייגער אינדערפרי ביז זעקס אַזייגער פאַרנאַכט. מענטשן זענען געלעגן פאַרחלשטע, אָן ברויט און אָן וואַסער. האָט מען עמעצן געפונען באַהאַלטן, האָט מען אים ארויסגעשלעפּט אויף דער גאַס, געהייסן אָפּגיין עטלעכע טריט און אין מיטן העלן טאָג, ווען די זון האָט געשיינט, געשיקט אים אַ קויל אין קאָפּ אַריין. האָט עמעצער געפּרוּווט אַנטלויפן, אָדער צופעליק ארויסגערוקט זיך פון דער ריי — אַ קויל אין קאָפּ אַריין. די דייטשישע אויסוואָרפן, אָנגעפּרעסטע מיט אונדזער בלוט, צוזאַמען מיט די אוקראַאינישע באַנדיטן זענען געקראָכן אויף בוידעמער און אויף דעכער און אויפגעריסן די דעכער מיט האַנט־גראַנאַטן, טאָמער באַהאַלט זיך דאָרט עמעצער.

איין גרויסע קופּע מיסט און איין גרויסער טייך בלוט איז געוואָרן פון אַלע הייף, פון אַלע שטובן, פון אַלע טויערן. אַלע טאָג האָט מען ארויסגעפירט צענדליקער טויזנטער מענטשן; אַ סך האָט מען אַרויסגענאַרט מיטן צוזאָג, אַז זיי זענען פריי און גייען אַהיים. אַנדערע זענען אַריינגעפאַלן, אַזוי ווי מידע פליגן, האַרבסט־צייט, ווען די כוחות גייען זיי שוין אויס.

אויף דער גאַס האָט מען געקאָנט זען: פון איין זייט יאָגט מען צום טויט צענדליקער טויזנטער פאַרפּייניקטע, אויסגעהונגערטע, דורשטיקע מענטשן און פון דער אַנדערער זייט פאָרן אַרום די יידישע עגלה־וועגן און קלייבן אויף די דערשאָסענע. נישט אין ווייסע לײלעכער וויקלען זיי די הרוגים און נישט אין תכריכים טוט מען זיי אָן, נאָר מען שלעפּט זיי, ווי נבלות, ביי די הענט און ביי די פיס — און מען וואַרפט זיי אַריין אין די וואָגנס, אָדער אויף די וואָגנס אַרויף.

עגלה־וואָגנס ווערן נישט געפירט דורך קיין פערד, נאָר דורך מענטשן, שוואַרצע עגלה־יידעלעך, מרדכי פינקערטס לייב־גוואַרדיע, שלעפּן די הרוגים. צו פינף און צו צען אין איין קאַסטן. פרויען, מענער, קינדער אַלץ צוזאַמען. פון די וואָגנס רינט בלוט. דאָס בלוט צייכנט דעם וועג, אַזוי ווי מיט רויטע שנורן.

די עגלה־יידעלעך זענען גלייכגילטיק צו דער גרויסער בראָך. אין אָנבליק פון טויט, אין אָנבליק פון פאַרגאָסן בלוט, אין אָנבליק פון קינדערישע מאַרכן, וואָס וואַלגערן זיך אויף די שטיינער — פירן זיי נישט אַוועק די הרוגים

גלייך אויפֿן בית־עולם — נאָר פֿאַרפֿאָרן צו ערשט מיט די עגלות אין זייטיקע טויערן אַריין, פֿאַרמאַכן זיך דאָרט אויף זיבן שלעסער און ציען אַראָפּ פֿון הרוג די מלבושים. זוכן אין די פֿאַרבלוטיקטע מיט מאַרך פֿאַרשפּריצטע קעשענעס, גזלען צו געלט, זייגערלעך, פֿינגערלעך (יעדער איינער האָט דאָך עפּעס מיטגענומען). דאָס געלט קלעפּט זיך פֿון בלוט, פֿון די זייגערלעך רינט בלוט, פֿון די פֿינגערלעך טריפֿט בלוט, אָבער די עגלה־יידעלעך שרעקט דאָס נישט אָפּ. ערשט שפּעטער, ווען מען האָט שוין אָפּגעטון די הרוגים זייער רעכט, וואַרפֿט מען זיי צוריק אַרויף אין וואָגן און מען שלעפּט זיי אויפֿן בית־עולם.

אויך דאָ וויקלט מען זיי נישט אין קיין ווייסע לײַלעכער, און מען ציט נישט אַרויף אויף זיי קיין תכריכים, נאָר אַזוי, ווי זיי שטייען און גייען, וואַרפֿט מען זיי אַריין אין אַ גרויס ברודער־קבר, מענער מיט פֿרויען צוזאַמען, אָן אויסנאַם. קיינער וועט נישט וויסן, וווּ זייערע ברידער געפֿינען זיך און קיינער וועט נאָך זיי קיין קדיש נישט זאָגן. צו אַזאַ מדרגה, צו אַזאַ שפּלות און פֿאַרברעכערישקייט האָט היטלער דערפֿירט אַ גרויסן טייל פֿון פּוילישן יידנטום.

ער האָט דערפֿירט דערצו, אַז דריי מאָל הונדערט טויזנט וואַרשעווער יידן האָבן אויסגעשטרעקט צו אים דעם האַלדז און אָן דעם מינדעסטן געשריי, אָן דעם מינדעסטן קאַמף געזאָגט:

שעכט אונדז!!

און ער האָט געשאָכטן.

אין פֿאַרלויף פֿון די זעקס טעג, ד. ה. פֿון 6 ביז 11 סעפּטעמבער 1942, האָבן די דייטשישע באַנדיטן אויסגעראַטעט פֿון וואַרשע גאַנצע הונדערט טויזנט מאַן. דער אומשלאַג־פּלאַץ איז יעדן טאָג איבערגעגאַנגען פֿון צענדליקער טויזנטער פֿאַרפּייניקטע. מען האָט נישט געהאַט וווּ צו זיצן און נישט געהאַט וווּ צו שטיין, די וואַגאָנען האָבן זיך געבראָכן פֿון מענטשן. די געשרייען מיט די יללות האָבן געשפּאָלטן די הימלען. אין די 6 פֿינצטערע טעג האָבן די געסטאַפּאָ־רויבער אויסגעשאָסן אין וואַרשע אין ערד פֿון צען טויזנט מאַן — מענער, פֿרויען און קינדער. די איבעריקע נײַנציק טויזנט מאַן זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן אויף אונטערגאַנג.

פֿון 22 יולי ביז 11 סעפּטעמבער, ד. ה. פֿון תשעה־באב ביז ערב ראש־השנה, האָט געדויערט די שחיטה. אין פֿאַרלויף פֿון דרײַ און פֿופֿציק טעג האָט די היטלעריסטישע בעסטיע אומגעבראַכט אַ קיבוץ פֿון דרײַ מאָל הונדערט טויזנט יידן. צווישן די דרײַ מאָל הונדערט טויזנט יידן זענען געווען אָן ערך פֿון הונדערט און פֿופֿציק טויזנט קינדער. אונדזערע קינדער, אונדזער צוקונפֿט, אונדזער ווײַטערדיק לעבן. אונטערגעשניטן, אויסגעוואָרצלט אונדז אָן דעם מינדעסטן איינזעען.

א ווייסטע בראָך איז צו אונדז, אז פון דריי מאָל הונדערט טויזנט אונדזערע ברידער זענען געבליבן אין ערד פון פופציק טויזנט. די ערגסטע זענען געבליבן, די גרעבסטע, דאָס ערב־רב. פינף און דרייסיק טויזנט האָבן געמוזט בלייבן אָפּיציעל. פאר זיי וועלן די דייטשן געבן א פערטל קילאָ ברויט א טאָג און א וואַסערדיקע זופּ. די איבעריקע פופצן טויזנט גייען ארום, ווי די מתים. זיי האָבן נישט קיין נומערלעך. זיי זענען אזוי ארום אומלעגאל און וועלן נישט קריגן נישט קיין כזית ברויט און נישט קיין לעפל זופּ. זיי האָבן נישט וווּ צו וווינען. וואלגערן זיך ערגעץ אויף בוידעמער, אונטערן פרייען הימל און פּאָכען מיט דער נשמה, אז אָט אָט כאַפּט מען זיי און מען ברענגט זיי אום.

היינט, ווען איך האַלט ביים ענדיקן די דאָזיקע שורות, איז שוין הושענא־רבה. דאָס שווארצע קוויטל האָבן מיר ארויסגעצויגן תשעה־באב. וואָס מיט אונדז וועט זיין ווייטער, וויסן נאָר די געסטאפּאָ־לייט. דערווייל ווערט דאָס געטאָ פון טאָג צו טאָג ענגער. מען האָט אונדז ארויסגעטריבן פון דער לעש, פון גאָוואָליפּיע, נאָוואָליפּקי, אייזען־גאס, טווארדע ראיאָן, דזשעלנע און ארייַנגעוואָרפן אונדז אין א שטיקל דזשיקע, א שטיקל נאלעווקעס, וואָלינסקע גאס, מילע, פּורימאָווער פּלאַץ און שוין, דאָ דארפן מיר דערשטיקט און דערוואָרגן ווערן. מען מויערט אונדז אויפסניי ארום — די מויער וועט גיין אין מיטן גענשע, פראנטשישקאנער גאס ביז די באָניפראטן גאס — א שטח, וווּ מיר וועלן נישט קאָנען דעם אָטעם כאַפּן. די יידישע קהילה שטעלט די נייע מויער. זי שטעלט די מויער מיט יידישע הענט, מיט יידישע מענטשן, וואָס זי רופט אויף דער גאס, אָדער שלעפּט ארויס פון די שטובן.

אלץ טוט די יידישע קהילה מיטן פּרעזעס ליכטענבוים בראש. זי איז, אייגנטלעך, געשאפן געוואָרן דערויף, זי זאָל אומברענגען דריי מאָל הונדערט טויזנט יידן.

דריי מאָל הונדערט טויזנט מענטשן האָבן נישט געהאט דעם מוט צו זאָגן „ניין". יעדער איינער האָט געוואָלט ראטעווען נאָר זיך. אפילו אן אייגענעם טאטן האָט מען מקריב געווען, אן אייגענע מאמע, אן אייגן ווייב און אייגענע קינדער.

די יידישע אַרבעטערשאַפט, דער איינציקער כוח, וואָס האָט זיך אפשר געקאָנט און געוואגט אנטקעגנצושטעלן איז אויסגעשטאָרבן פון הונגער און פון טיפוס... די פירער פון דער יידישער ארבעטערשאפט זענען אומגעקומען.

זענען דריימאָל הונדערט טויזנט יידן געגאנגען צו דער שחיטה, ווי שעפּסן.

טשערניאקאָוו האָט נישט געהאט דעם מוט און די דרייסטקייט צו זאָגן פארן טויט — פארטיידיקט אייך, לאָזט אייך נישט אויסשעכטן — זענען דריי מאָל הונדערט טויזנט יידן געגאַנגען צו דער שחיטה, אַזוי ווי די שעפּסן.

מיט וואָס וועט זיך פארענטפערן די גרעסטע יידישע קהילה אין אייראָפּע?

און פארטיידיקן זיך, נישט לאָזן זיך שעכטן, ווי די נארישע אָקסן, האָט מען געקאָנט. ווען אלע יידן גייען ארויס פון די הייזער, ווען אלע יידן רייסן זיך אדורך דורך די מויערן (דאָס איז זייער גרינג געווען), ווען מען פאר־פלייצט אלע ווארשעווער גאסן — די יידישע און נישט יידישע מיט געשריי, מיט העק, מיט שטיינער, מיט האק־מעסערס, וואָלט מען פון אונדז אויסגע־שאָסן צען טויזנט, צוואנציק טויזנט — דריי מאָל הונדערט טויזנט מענטשן מיטאמאָל וואָלט ער נישט אויסגעשאָסן. מיר וואָלטן געשטאָרבן אזוי ארום מיט כבוד. די, וואָס וואָלטן געבליבן ביים לעבן, וואָלטן זיך פארשפרייט אי־בערן גאנצן לאנד אין אלע שטעטלעך, אין אלע דערפער — אזוי גרינג אונדז אויסצוראָטן וואָלט דעם היטלערישן רוצח נישט אָנגעקומען.

שענדלעך איז געווען דער אומקום פון גרעסטן יידישן קיבוץ אין אייראָפּע, א שענדלעכע ראָל האָט דערביי געשפּילט די גרעסטע יידישע קהילה אין אייראָפּע. ווו עס זענען געשטאַנען מענטשן, וואָס זענען ווערט געווען, מען זאָל יעדן איינ־ציקן אויפהענגען אין מיטן גאס אויף א לאמטער.

די צעבראָכנקייט, דער פּחד פארן אייגענעם שטיקל לעבן איז אזוי ווייט דערגאַנגען, אַז קיינער פון די דריי מאָל הונדערט טויזנט יידן האָט אפילו נישט געהאט דעם כוח אויסצוהאקן די ציין כאָטש דעם ערשטן בעסטן יידישן פּאָלי־ציאנט, אוועקלייגן א טויטן אזא יידישן מנובל. אפילו צו אזא טאַט האָבן די ווארשעווער יידן נישט געקאָנט דערגיין.

אויב א קיבוץ פון דריי מאָל הונדערט טויזנט יידן האָט זיך נישט געפּרווט אנטקעגנצושטעלן אין דער קלענסטער מאָס, אויב מען האָט אליין אויסגע־שטרעקט דעם האלדז אונטערן חלף, אויב מען האָט קיין איין דייטשישן רוצח דערביי נישט אומגעבראַכט, קיין איין יידישן מנובל נישט אַוועקגעלייגט — איז אזא דור יידן אפשר ווערט געווען דעם פינצטערן גורל.

אָט אַזוי איז חרוב געוואָרן דאָס יידישע וואַרשע. חרוב ומוחרב. די בראָד איז גרעסער ווי מען קאָן זיך פאָרשטעלן. דער, וואָס האָט עס מיטן אייגענעם בלוט נישט איבערגעלעבט, דער וועט עס נישט באַגרייפן. דאָס אלץ, וואָס איז דאָ באַשריבן געוואָרן, איז אַ טראָפּן אין ים. ס'איז נישטאָ די פּעדער, וואָס זאָל קאָנען אַרומנעמען דעם גאַנצן גרויל.

אונדזער אומשולדיק פארגאָסן בלוט וועט דורות לאנג שרייען פון דער ערד. זאָלן די, וואָס וועלן בלייבן, נישט קיין חילוק, ווו זיי וועלן זיך געפינען, נעמען נקמה. די דאָזיקע ווערטער זאָלן זיין אן אָנהויב פאר די, וואָס בלייבן און קאָנען נקמה נעמען.

ווארשע, געטאָ. 1942 2/10 — 3/8.

(רינגעלבלום־ארכיוו, צווייטער טייל, נ' 1245).

יהושע פערלע

# 4580

א קיילעכדיקע ציפער. אויפן ערשטן אויגנבליק זעט זי אויס נאריש און האָט, דאכט זיך, גאָרנישט וואָס צו זאָגן. אזא ציפער, וואָס שטייט אזוי אליין, קאָן מען פארגלייכן מיט יענע גרויע מענטשן, וואָס גייען אדורך דורכן לעבן אומגעזעען און שטארבן אָן ווידוי.

נישט מער, אויב א בעל־חשבון, אָדער א שטערנזעער וועלן גוט אריינ־קלערן אין דער דאָזיקער ציפער, וועלן זיי אפשר אויסדרייען מיטן גראָבן פינגער א השערה, אָדער אויספּשטלען אַ גמטריא, פון וועלכע נאַראָנים וועלן שפּעטער דרינגען: אָדער דער סוף פון דער וועלט, אָדער די חבלי־ימי־המשיח.

ניכטערע קעפּ, אויב זיי וועלן נאָר באמערקן די ציפער, וועלן מן־הסתם מיינען, אז דאָס איז א נומער פון א פּאָליציאנט, פון א באנטרעגער, פון א קאַ־טאָרזשניק, פון א הונט, להבדיל, און דער גוטער יאָר ווייסט פון וואָס נאָך.

אָבער אז די דאָזיקע נארישע ציפער זאָל פארטרעטן א נאָמען פון א לעבע־דיקן מענטש, וואָס איז קיינמאָל נישט געווען קיין פּאָליציאנט, נישט קיין באנ־טרעגער, נישט קיין קאטאָרזשניק און אפילו נישט קיין הונט, אין דעם וועט שווער זיין צו גלויבן.

מען וועט זיך אויך נישט צוגלויבן, אז פון אונטער דער דאָזיקער ציפער וויינט ארויס דער ווייַ, שרייט ארויס דער פּיין און די בראָך פון דעם פאָלק, פון וועלכן איך האָב געהאט דאָס מזל אָפּצושטאמען.

און דאָך איז דאָס אוממעגלעכע מעגלעך געוואָרן. פּאסירט האָט עס אין יאָר נייַנצנהונדערט צוויי און פערציק, אין חודש תשרי, אין דער מדינה פּוילן, אין דער שטאָט ווארשע. אונטער דער רוצחישער ממשלה פון עמלק ימח שמו וזכרו, מיטן הסכם פון דער יידישער קהילה, וואָס דער זכות זאָל איר בייַשטיין אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט.

איך ווינטש איר דאָס אייביקע לעבן, דער ווארשעווער יידישער קהילה. מחמת דאָס האָט זי מיך מזכה געווען מיט דער ציפער פירטויזנט פינפהונדערט אכ־ציק. זי האָט דאָס אָפּגעהאקט דעם קאָפּ דעם נאָמען מיינעם און ארויפגעזעצט מיר א נומער. איך גיי ארום מיט אים און לעב, ער איז געוואָרן איך.

איז אפשר כדאי צו דערציילן, ווי אזוי פון אזא ייד, ווי איך, איז אין א רעגנדיקן תשרי־טאָג געוואָרן א נומער.

כ'וועל מיך נישט בארימען: נאָר פונקט, ווי אלע מענטשן, בין איך אויך געגאנגען אויף דער וועלט מיטן קאָפּ און בין געפאלן אויף איר אָן א נאָמען. גאנצע אַכט טעג, ווי ס'איז דער יידישער דין, האָב איך געלעבט נישט בלויז אָן

אַ נאָמען, נאָר אויך אָן אַ נומער. דער מענטש פון יאָר גיינהונדערט צוויי און פערציק וועט זיך גאָרנישט וועלן צוגלויבן, אז כאָטש כ'האָב קיין נומער נישט פארמאָגט, האָט מיין כשרע מאמע גאָרנישט קיין מורא געהאט צו האלטן מיך ביי זיך און צו געבן מיר די ווארעמע מילך פון איר שיינער ברוסט. זי האָט נישט קיין מורא געהאט צו ווארעמען מיך מיט איר יונג לייב, צו צערטלען מיך, צו ציטערן איבער מיר, ווי נאָר א מאמע און א יידישע דערצו קאָן ציטערן איבער איר ניי־געבוירענעם קדיש.

מיט אַכט טעג שפּעטער, ווי עס פירט זיך ביי יידן, האָט מען געמאַכט איבער מיר א ברכה און געזאָגט — וקרא בשמו בישראל — אזוי און אזוי.

א נאָמען ביי א מענטש איז אזוי ווי א לעבעדיק אבר, האָט בלוט און האָט פלייש. מען פילט אים נישט, מען זעט אים נישט, אָבער אָן אים קאָן מען נישט לעבן. איך האָב אים טאקע געטראָגן דעם נאָמען מיינעם, ווי א שיינע פרוי טראָגט נאָך אַ שענערע שנור פּערל. ער איז געווען מיין, אינגאַנצן מיין. האָב איך דאָך אים גערירשנט פון זיידעס און פון עלטער־זיידעס. האָב איך דאָך אים אַריינגעזויגן אין זיך צוזאמען מיטן בלוט פון מיין מאמען, צוזאמען מיט דעם מידן שוויס, וואָס איז געגאנגען פון מיין אָנגעהאָרעוועטן טאטן.

אין איין שטוב מיט מיר האָט געלעבט דער נאָמען מיינער. אונטער איין דאך, אויף איין געלעגער. ער איז געווען איך, און איך בין געווען ער. ער האָט זיך געלערנט גיין צוגלייך מיט מיר, געלערנט זיך רעדן, אזוי ווי איך. אז מען האָט מיך גערופן, האָט ער אויפגעשטעלט ביידע אויערן. אַז איך האָב געליטן, האָט ער מיטגעליטן. ער האָט זיך געפרייט מיט מיין פרייד, געוויינט מיט מיינע טרערן, געלאַכט מיט מיין געלעכטער און געחלומט מיט מיינע חלומות.

אָבער זאָל מען נישט מיינען, אז דער נאָמען מיינער איז מיר געווען א קנעכט, אז ער האָט נישט געהאט קיין אייגענע דעה און קיין אייגענעם ווילן. פארקערט, אז איך בין אמאָל אריינגעפאלן אין עצבות, און ס'איז מיר געקומען א רעיון אין קאָפּ אריין וועגן יענער וועלט, האָט ער געבעטן אויף זיך די וועלט. און פונקט ווי מיין מאמע האָט זיך געווונטשן, איך זאָל זי איבערלעבן, אזוי האָט אויך דער נאָמען מיינער געוואָלט מיך איבערלעבן.

כ'וויים נישט און כ'וואָלט אויך נישט געגאנגען שווערן, אז דאָס לעבן מיינס איז געווען רייך מיט מעשים־טובים; כ'וויים אויך נישט, צי איך האָב פארמאָגט אין מיר גוטע מידות; כ'וויים בלויז, אַז ווען ס'איז מיך באַפאַלן אַמאָל אַ בייזע מינוט (מען איז דאָך נישט מער ווי א מענטש) און איך האָב געוואָלט אן עולה טאָן סיי מיר, סיי מיין שכן, סיי מיין שונא — האָט זיך דער נאָמען מיינער אוועק־געשטעלט און מיטן הארבן וואָרט געוואָרנט, איך זאָל דאָס נישט טאָן.

— מיך טאָרסטו נישט מבייש זיין, — האָט ער געזאָגט, ווייל אויב מען וועט טייטלען מיט די פינגער אויף דיר, וועלן די פינגער טרעפן קודם־כל אין מיר.

איך בין דיין של־ראש. אָן מיר וועסטו שרייען — אֲני שְׁלֹמה — און קיינער וועט דיר נישט וועלן גלויבן. און אויב דו ווילסט נאָר וויסן, קאָן איך דיר איינרוימען א סוד: — איך געהער שוין נישט בלויז צו דיר. דיין לעבן האָט געוואָלט, איך זאָל ווערן א רשות־הרבים, און אויב א רשות־הרבים טאָר נישט פאַלן אויף מיר קיין שום פּגם.

אַזוי האָט געערדט מיין נאָמען. און איך וואָלט געווען נישט ערלעך, ווען איך וואָלט מיר איינגערעדט, אז דער נאָמען מיינער האָט נישט געהאט אויף זיך קיין שום פּגם. דריי און פופציק יאָר געלעבט מיט אים, דריי און פופציק יאָר גע־גאנגען אין איין שפּאַן, איז ווי שיקט זיך עס, אז אין פארלויף פון א האלבן יאָרהונדערט זאָל א מענטש נישט מאכן קיין פאַלשן שריט. מן־הסתם האָב איך געמאכט נישט איין פאַלשן שריט. דער נאָמען מיינער איז געווען דערביי. איך האָב געזען, ווי ער איז אויסגעשטאַנען בזיונות. כ'האָב מיט אים מיטגעליטן און געשוויגן. ערשט שפּעטער, ווען איך האָב מיר אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז ער וויל מיך איבערלעבן, האָב איך מיר געגעבן די מי, ער זאָל אויפגיין. און ער איז אויפגע־גאנגען און אראָפּגעשיינט, אזוי ווי ס'האָט אמאָל אראָפּגעשיינט פון מיר דאָס ערשטע נייע קאפּאָטקעלע, וואָס דער טאַטע האָט מיר געלאָזט אויפנייען אויף פסח.

און זאָל מען אויסטייטשן, ווי מען וויל. זאָל מען זאָגן, אַז ס'איז גאווה, איינרעדעניש. דער נאָמען מיינער האָט אויך אַראָפּגעשיינט פון איר. זי האָט ליב געהאַט סיי מיך, סיי דעם נאָמען מיינעם. פּונקט ווי זי האָט מיט נחת געטראָגן, איר מלכותדיקן קאָפּ האָר, אַזוי האָט זי אויך מיט נחת געטראָגן דעם נאָמען מיינעם. ער איז געווען ביי איר דער שענסטער, דער קלוגסטער. זי האָט אים גע־צערטלט און פאַרצויגן. אַ סך מאָל האָב איך אים נישט דערקענט. פרעמד האָט עס מיר געקלונגען. אָבער אַז איך האָב מיך צוגעהערט ווי אַזוי ער גייט אַרויס פון איר כשר מויל, וויפיל טעם זי לייגט אין אים אַריין, האָב איך אים אויפסניי דערזעען, אַ פרישן, אַ געוואַשענעם אין איר יונג געלעכטער.

דאָס ביטערע מזל האָט געוואָלט, זי זאָל אים מיטנעמען יונגערהייט אין קבר אריין. ער ליגט דאָרט צוזאַמען מיט די ברייוו מיינע צו איר, וואָס זי האָט זיך גע־הייסן מיטגעבן. ער איז פאַרשטיינערט אויף דער מצבה, וואָס היט איר קבר. און איך גלויב באמונה שלימה, אז פּונקט אזוי ווי איך קאָן נישט דאָ פאַרגעסן איר נאָמען, אזוי קאָן זי דאָרט נישט פאַרגעסן מיין נאָמען.

און קאָן מען דען פאַרגעסן אַן אייגענעם נאָמען? אַז דריי און פופציק יאָר וואַקסט ער מיט מיר, דריי און פופציק יאָר לעבט ער מיט מיר, דריי און פופציק יאָר בליט ער, שלאָגט ער וואָרצלען, צעשפּרייט ער זיך אויף א קינד און אויפן קינדס א קינד. דער, וואָס קוקט אמאָל אריין אין א ספר ווייסט, אז איין נאָמען קאָן צעשטערן א וועלט. און איין נאָמען קאָן אויך אויפבויען א וועלט. די יידישע

תורה רופט מען תורת־משה — אויף משה'ס נאָמען. און אויף דער „איליאַדע" שטייט דער נאָמען — האָמער.

אמת, ס'איז פאַראַן נעמען, וואָס מען דאַרף זיי פאַרשעלטן, אויסמעקן פון מענטשלעכן געביין. פאַראַן אָבער נעמען, וואָס דער מענטשלעכער מין בענטשט און וועט זיי בענטשן אזוי לאַנג, ווי לאַנג דער מענטש וועט לעבן.

מיין נאָמען איז נישט קיין גרויסער, די מענטשהייט האָט אים נישט פאַר־וואָס צו בענטשן. זי האָט אים אויך נישט פאַרוואָס צו שעלטן. אָבער ווי קליין ער זאָל נישט זיין, דער נאָמען מיינער, האָב איך דער וואַרשעווער יידישער קהילה נישט געגעבן קיין שום רשות, זי זאָל אים ביי מיר צונעמען און אויף זיין אָרט אַרויפזעצן א פאַפּירענעם נומער. עמלק, ימח שמו וזכרו, האָט געהייסן און דער ראש־הקהל, וואָס זיין תורה און חכמה זענען באַקאַנט בכל תפוצות ישראל, האָט מקיים געווען.

אָנשטאָט מיר שלעפּט זיך אַרום אונטער די ווײַסטע מויערן פון געטאָ, וואָס דער אייגענער ראש־הקהל האָט געלאָזט אויפשטעלן — א נומער. א גרויסער, א געדרוקטער שוואַרץ אויף ווייס. א נומער — א בעל־גאווה, א נומער א יחסן.

דער נומער — דאָס איז דער געוועזענער איך. דער נומער דאָס איז מיין געוועזענער נאָמען. כ'ווייס גאָרנישט, וואָס פאַר אַן עצה מען גיט זיך איבער הונ־דערט און צוואַנציק יאָר, ווען איך וועל קומען צו קבר־ישראל (איך גלויב, אז עס וועט אפשר געשען). דער מלאך־דומה וועט געבן א קום אַראָפּ און אָנקלאַפּן צו מיר: — הער־לעבן, מה שמך?... וואָס ענטפערט מען אים דאַמאָלט? אז איך היים פיר טויזנט פינף הונדערט אַכציק? ער וועט דאָך מיך אָנקוקן ווי משוגע?

כ'ווייס אויך נישט, וואָס פאַר אַן עצה מען גיט זיך מיט די מענטשן, וואָס וועלן קומען נאָך מיר. זיי וועלן לייענען אין די כראָניקעס די געשיכטע פון דער שטאָט וואַרשע אין יאָר נייַנצנהונדערט צוויי און פערציק, און וועלן זיך אַוודאי חידושן, ווי אזוי עס קאָן געמאָלט זיין, אז א לעבעדיקער נאָמען זאָל מגולגל ווערן אין א טויטן נומער.

כ'וואָלט זיי געוואָלט זאָגן, די קומענדיקע מענטשן, אז אונדז, וואָס לייענען נישט די געשיכטע אויפן פּאַפּיר, נאָר מאַכן זי מיט אונדזער בלוט, אונדז חידושט שוין גאָרנישט.

וואָס האָט אונדז דאָ צו חידושן? אז די נשמה האָט מען פון אונדז אַרויס־געצויגן, אז דאָס לייב אונדזערס האָט מען געשענדעט, אז אין אונדזער אָרון־קודש האָט מען אַריינגעשפּיגן, אז אונדזער תורה־משה האָט מען צעטרעטן מיט זעלנערישע שטיוול.

עמלק, זיין געביין זאָל אויסגעמעקט ווערן פון מענטשלעכן זכרון, האָט גע־הייסן, און וואַרשעווער קהל האָט מקיים געווען. פון דריי מאָל הונדערט טויזנט לעבעדיקע יידישע נפשות האָט מען באַוויליקט איבערצולאָזן א פּאָר און דרייסיק

טויזנט אתה־בחרתנודיקע גומערן, געשטעמפּלט און געחתמעט מיטן חותם פון סאמעראָרנע ראש־הקהל, וואָס מיט זיין נאָמען וועט מען אַמאָל שרעקן קינדער אין די וויגן.

מיין נאָמען און איך אינגאַנצן האָבן אויך גושא־חן געווען אין די אויגן פון די לעפּל־לייט און זענען מגולגל געוואָרן אין אַ גומער.

און פּונקט אַזוי ווי שלום עליכמס מאָטל פּייסי דעם חזנס לויפט ארום באָר־וועסערהייט און פרייט זיך:

— מיר איז גוט, איך בין אַ יתום...

אַזוי גיי איך ארום אויפן הויף פון פראַנציסקאַנער גאַס, וואָס איז געוואָרן די ברייטע, גרויסע וועלט מיינע און באַרים מיך:

— מיר איז גוט, איך בין אַ גומער...

און וואָס זאָל איך דאָ לייקענען: ס'איז מיר טאַקע גוט.

איך באַד מיך און עסיק און אין האָניק. דער יחסנישער גומער גיט מיר צו אָנזעען, חשיבות, ער דערהויבט מיך איבערן מיסט־קאַסטן, ווו עס ווימלען די איבערגעבליבענע עפּלעבע און דרייסיק טויזנט... און רעדן זיך איין, אַז נאָך זיי זענען ראוי געווען צו בלייבן די אתה־בחרתנוקעס.

דער גומער מיינער קריגט אַ פּערטל ליימיק ברויט אַ טאָג, אַ מלא־טעמדיקע גריץ, וואָס באַשטייט פון געקאָכט וואַסער, פון אַ קאַרטאָפל, וואָס אַן אנדערער האָט באַצייטנס ארויסגעגנבעט פון טאָפּ, און פון אַ צוויי דריי קערנדלעך קאַשע, וואָס יאָגן איינס דאָס אַנדערע און קאָנען זיך, נישט דעריאָגן. נאָכמער: דעם גומער מייגעם טיילט מען צו פון צייט צו צייט אַ פּאַראַיאָריק איי מיט אַ בלוטס־טראָפּן, אַ לעק האָניק און אַמאָל אין אַ יובל אויך אַ כזית פאַרעלטערט פלייש, וואָס כאַטש צעהאַק עס אויף שטיקער וויל עס בשום־אופן נישט האָבן דעם טעם פון אַלטן ווייך.

מיר איז גוט, איך בין אַ גומער. כ'בין פאַרשריבן אין פּנקס פון דער קהילה קדושה וואַרשע. דער קלוגער ראש־הקהל האָט ליב צו מישן די בלעטער פון פּנקס. אַן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט אפשר אַרויסגעלייענט די תוכחה. ער וואָלט אפשר דערהערט דאָס געוויין פון די קינדער, וואָס זענען אומגעקומען, איידער זיי האָבן נאָך אָנגעהויבן לעבן. ער וואָלט אפשר פאַרנומען דאָס ברומען פון דריי־מאָל הונדערט טויזנט נשמות, געקוילעטע אויפן מזבח פון עמלקן, וואָס לויפן אַרום און לאָזן נישט רוען קיין איינעם פון די דאָזיקע אויסגעסדרטע, אתה־בחרתנודיקע גליקלעכע גומערן.

זעט ער אָבער בלויז גומערן, דער קלוגער ראש־הקהל פון דער קהילה קדושה וואַרשע. און אַזוי ווי ער איז דער מושל איבער די גומערן, און אַזוי ווי ער איז נישט מחויב צו שפּייזן בחינם גלאַט אַזוי גומערן — גיט ער אַרויס אַלע אַנדערן טאָג גזירות און צעשיקט ידידי־בריוועלעך: אַזוי און אַזוי, ליבער גומער, כ'בין

אויף דיר גוזר זאָלסט דיך שטעלן מאָרגן זעקס אַזייגער פאַרטאָג, כדי צו העלפן בויען די וויסטע מויער, וואָס נעמט דיך אַרום, ווי מיט אַ קייט, און וויל דיך דערווערגן און דערשטיקן. אַליין מוזסטו דיך פאַרמויערן. דו מוזט אויך קומען און אָפּוואַשן דאָס בלוט פון דיין מאַמען און פון דיין טאַטן, וועמען עמלק האָט באַוויליקט צו שעכטן און וועמען מיינע געטרייע לייט האָבן געהנוויליק צוגעהאָלפן. און אויב ס'איז נאָך האַרט עפּעס געבליבן אין דיין טאַטעס שטוב, צי גאָר אין דיין אייגענער שטוב, מוזטו העלפן עמלקן דאָס אויסרויבן און אונטערטראָגן אים, ווי אַ שיינע מתנה.

אויב דו וועסט ווידערשפּעניקן, אויב דו וועסט דיך נישט צושטעלן, — וואָרנט דער גוטער ראש=הקהל מיינער — אויב דו וועסט זיך מיט די אייגענע הענט נישט פאַרמויערן, אויב דו וועסט נישט אונטערטראָגן עמלקן די לייכטער, אין וועלכע דיין אומגעקומענע מאַמע האָט ליכט געבענטשט, אויב דו וועסט אים נישט אָקעגנטראָגן די דימענטענע בראָש, אין וועלכער דיין מאַמע האָט זיך געצירט צו ראש=חודש בענטשן, אויב דו וועסט אים נישט דערלאַנגען דאָס קישן, אויף וועלכן דיין געשאָכטן קינד איז געשלאָפן, וועל איך דיך אויסמעקן פון פּנקס און וועסט אויפהערן צו זיין אַ נומער.

אזוי וואָרנט מיך אַלע טאָג מיין ראש=הקהל. דעם אמת געזאָגט, פרייען מיך די דאָזיקע גרויזאַמע וואָרענישן, כ'וועל אויפהערן צו זיין אַ נומער! כ'וועל ווערן צוריק איך! כ'וועל צוריק באַקומען מיין נאָמען! פּשוטער גערעדט — כ'וועל אויפשטיין תחית=המתים. זינט וועלט איז וועלט איז נאָך קיין איין ייִד נישט אויפגעשטאַנען תחית=המתים. משיח איז נאָך נישט געקומען. איך וועל זיין דער ערשטער תחית=המתים־ייִד. טאָ פאַרוואָס זאָל זיך מיין האַרץ נישט פרייען? פון דער אַנדערער זייט אָבער דערמאָן איך מיך, אַז אויב אויס נומער, וואַרט אויף מיר די האַק פון תליון. אויס נומער איז דער טייטש — אויס אַ פּערטל ליימיק ברויט אַ טאָג, אויס דער ריח פון פאַראַיאָריקן איי, אויס דאָס קעמערל, וואָס מען האָט מיר צוגעטיילט צו וווינען, אויס די קאַרטאָפל, וואָס אַנדערע גנבהנען אַרויס פון מיין טעלער גריץ, אויס כבוד, אויס יחסן, אויס אתה=בחרתנוניק.

אָן נומער וועל איך זיין געגליכן צום שכן מיינעם, וואָס איז אַמאָל געווען אזוי קלוג, ווי איך, אזוי געלערנט, ווי איך, אזוי איידל, ווי איך. אפשר נאָך איידעלער. האָט אָבער דאָס פינצטערע מזל געוואָלט, ער זאָל נישט נושא=חן זיין און נישט מגולגל ווערן אין אַ נומער, ער איז געבליבן ביי זיין נאָמען. ביים שיינעם מענטשלעכן נאָמען. אָבער אַ שיינער מענטשלעכער נאָמען האָט היינט פּונקט אזא ווערט, ווי אַ שיין מענטשלעך האַרץ, אָדער ווי אַ שיינע מענטשלעכע מידה.

די שיינע מענטשלעכע הערצער, די שיינע מענטשלעכע מידות ליגן היינט פאַרבלוטיקטע מיטן בראָכוואַרג, וואָס וואַלגערט זיך אויף די וויסטע ייִדישע הייף.

מיין שכנס ערלעכער נאָמען קריגט נישט דאָך פּערטל ברויט, שפּירט נישט דעם טעם פון ביסל גריץ, האָט נישט ווו דעם קאָפּ אנידערצולייגן, באהאַלט זיך אין לעבער צוזאַמען מיט קעץ און מיט היימלאָזע הינט. מיין שכנס נאָמען איז אויסגעמעקט פון קהלשן פּנקס. דער געכטיקער פריינד זיינער מיטן נומער זאָגט אים נישט מער קיין גוט־מאָרגן, זיצט נישט מער מיט אים ביי איין טיש, דאַוונט נישט מער מיט אים אין איין שטיבל. ער איז א מצורע געוואָרן, דער שכן מיינער, מיטן ערלעכן נאָמען און אָן דעם פּאַפּירענעם נומער.

און ווי זאָל איך נישט טייער האַלטן מיין נומער! ווי זאָל איך נישט ציטערן איבער אים.

ציטער איך טאַקע איבער אים, ווי א מאַמע ציטערט איבער איר אייניציק קינד. היט אים טאַקע ווי מען היט דאָס שוואַרץ־אַפּל פון אויג. כ׳האָב מיר אויפגענייט א סאַמעטן ביטעלע אויסגעהאַפטן מיט א מגן־דוד און טראָג דעם נומער מיינעם אויפן הארץ. איך שלאָף מיט אים, איך עס מיט אים. מיינע חלומות וועבן זיך ארום אים, מיט אים, פון אים.

און ווען איך האָב היינט די יונגע יאָרן און דער נומער מיינער איז אויך יונגער מיט א יאָר דרייסיק, וואָלט אוודאי געקומען א זי און וואָלט אים געצערטלט:

— נומערשי, טייערער!

און וואָלט אים פארצויגן:

— נומער־קרוין הארצעדיקער!

און וואָלט אים פארקלענערט:

— נומערל מיינער!

ווייל איך בין אין א הייבל געבוירן. ווייל מיר איז גוט — איך בין א נומער.

נישט מער, כדי צו ווערן א נומער, האָט מען פריער געמוזט אויסטאָרען אין בלוט מיינע דריי און פופציק יאָר. אויסטאָרען, אויסלאַכן און שענדן. כדי איך זאָל ווערן א נומער, האָט מען מיין הויז געמוזט פריער חרוב מאַכן. חרוב מאַכן, אויסרייסן ביזן וואָרצל. אונטער מיין נומער ליגן דרייטאָל הונדערט טויזנט יידישע קדושים. דרייטאָל הונדערט טויזנט יידישע לעבנס, וואָס עמלק האָט אויסגעשאָכטן מיטן הסכם פון ראש־הקהל און פון זיינע משרתים. פון אונטער מיין גליקלעכן נומער רייסט זיך ארויס דאָס ביטערע געשריי פון צענדליקער טויזנטער אויסגעסמטע, דערוואָרגענע יידישע קינדער. אין די פינצטערע נעכט פאַרנעם איך דאָס גרויסע געוויין פון דער מאַמע פון אַלע מאַמעס, פון אונדזער מאַמע רחל. זי שפּרייזט איבער די וויסטע פעלדער און וויקלט אין לייַלעכער אירע אומגעקומענע קינדער. מיט די שיינע, איידעלע הענט וואַשט זי אָפּ דאָס בלוט פון אירע

זין און טעכטער. נאָר קאָן זי רעדן אַלע אין לײלעבער װיקלען? קאָן זי רעדן אַלע אַפּװאַשן? אַז דאָס בלוט שרײַט, און די ערד, װי גרױס און ברײט זי איז, פֿאַרגײט אין יאָמער.

ליגן זײ, די גקװײלעטע נפֿשות, נאַקעטע און פֿאַרשעמטע, צעזײטע און צעשפּרײטע, אָן טהרה, אָן קדיש, אָן א מצבה, געשענדעטע דורך די רוצחישע עמלקישע הענט מיטן הסכם פֿון דער קהילה קדושה װאַרשע.

און מיר איז גוט, איך בין אַ גזלמער.

װאַרשע, געטאָ, סוף 1942.

(רינגעלבלום-אַרכיװ, צװײטער טײל, נ' 1245).

# אינהאלט:

